# פרקי אבות

## פירוש

פון

אריה (לעאן) לאנדער

מחבר פון „אידיש לעבן אין אַמעריקע"

1968 ה'תשכ"ח

# אינהאַלט

ב"ה

**דברי ברכה מאת הרב הגאון מנחם צבי אייכענשטיין**

**בעה"מ ס. שו"ת „פרי יהושע"**

**אב"ד דסעינט לואיס, מיזורי, ארצות־הברית**

**כאשר יודע ומכיר אנכי היטב מכבר את כבוד ידידי המופלג והמשכיל, העסקן הצבורי בעל מדות נעלות ר' אריה לאַנדער נ"י והוא איש יקר ערך מאוד; וכעת הביא לי ספר דרוש על פרקי אבות ועיינתי בדבריו וראיתי כי המה דברים נכונים לפי רוח הזמן שאנו חיים. ע"כ ידי תכון עמו ואומר אני „רק חזק ואמץ מאוד".**
**והנני ידידי המוקיר ערכו.**

**מנחם צבי אייכענשטיין**
**אב"ד דק"ק סט' לואיס**

**יום ג', פ' שמיני, כ"ה ניסן ה'תשכ"ח. סט' לואיס, מיזורי.**

ב״ה

# הקדמה

איך בין זיך מודה דאָס צוגרייטנדיק „אַ פּירוש אויף פּרקי אבות״ האָב איך געוווּסט און פולקאָם פאַרשטאַנען אַז דורך דער צייט פון הונדערטער יאָרן האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ גרויסע צאָל ווונדערבאַרע פּירושים אויף פּרקי אבות.

צו אַלעם ערשטן — דער מערקווירדיקער ספר „אבות דרבי נתן״ וואָס באַשטייט פון גאַנצע 41 פּרקים מיט אַ צאָל פּירושים אויף אבות דרבי נתן.

דאַן — דער ריז פון תורה און חכמה — דער רמב״ם — דאַן רש״י און עובדיה מברטנורא און אַ סך אַנדערע. אין די שפּעטער־דיקע דורות האָבן זיך באַוויזן ווערטפולע פּירושים און איבערזעצונ־גען פון פּרקי אבות אין פאַרשידענע שפּראַכן. פילע פון די ספרים האָב איך געלערנט און באַוווּנדערט. איך בין זיך מודה, אַז אָן די דאָזיקע ווערק וואָלט מיין באַגרענעצטער פּירוש נישט געקענט דערשיינען.

שטעלט זיך די פראַגע: צו וואָס דאַרף מען אָט דעם קליינעם ספר? אום צו געבן אַן ענטפער אויף דער פראַגע איז נויטיק צו מאַכן אַ קורצע דערקלערונג וועגן פּרקי אבות:

מסכת ״אבות״ וואָס איז אַ טייל פון באַרימטן רעליגיעזן ווערק „משניות״ איז גאַנץ אַנדערש פון די אַנדערע 62 מסכתות אין אינהאַלט.

ווי באַקאַנט איז משניות אַ זאַמלונג פון הלכות און דער באַזיס פון דינים וועלכע ווערן באַהאַנדלט פון די באַרימטע תנאים.

פּרקי אבות אָבער איז אַ לערע פון מאָראַל און נאָבעלע אויפ־פירונג. ס׳איז כדאי צו באַמערקן, אַז טראָץ דעם וואָס די תנאים, וועלכע ווערן קוואָטירט, האָבן געלעבט מיט פילע יאָרהונדערטער צוריק — נעמליך אין די בערך 500 יאָר צווישן 300 פאַר דער היינטיקער צייטרעכנונג ביז אַרום 200 יאָר לויט וועלטלעכן קאַלענ־דאַר, דאָך זיינען די געדאַנקען וואָס ווערן אַרויסגעבראַכט אַן אוצר

פון חכמה און שיינע מידות, וועלכע מאָדערנע מענטשן קענען פון זיי לערנען.

יידן פון היינטיקן דור קענען געפונען ליכט פאַר אַ גראַדן וועג וואָס קען לייזן פילע פּראָבלעמען אין לעבן און צייגן דעם וועג פון נאָבעלער אויפפירונג.

פאַר אַ סך יאָרן האָבן יידן געלערנט „פּרק“ יעדן שבת נאָכ־מיטאָג אָנפאַנגענדיק מיט שבת נאָך פּסח ביז ערב ראש השנה.

אפילו דער פּשוטער ייד וואָס האָט נישט געהאַט די געלעגנהייט צו לערנען משניות און גמרא, איז געווען גענוי באַקאַנט מיט דעם אינהאַלט פון פּרקי אבות, וואָס איז אַריינגענומען געוואָרן אין סידור צווישן די תפילות.

צום באַדויערן זיינען איצט אַנדערע אומשטענדן, דער גרעסטער טייל פון אַמעריקאַנער יידן האָבן קיין באַגריף פון דעם קלאַסישן ווערק „פּרקי אבות“. אַלע 72 גרויסע תנאים פון דעם ווערק, אפשר מיט איין איינציקן אונטערשייד — הלל — זיינען געבליבן אומבאַ־קאַנט צו די יידישע מאַסן.

בכדי צוריק צו ברענגען די ווונדערבאַרע געדאַנקען פון דעם מערקווירדיקן ספר צו מאָדערנע יידן, מוזן די ווערטער אַנאַליזירט און אויסגעטייטשט ווערן אין אַ וועג וואָס היינטיקע מענטשן זאָלן פאַרשטיין. מיין באַשיידענער פּירוש איז פאַרטיילט אין צוויי טיילן — דער אָריגינאַל איז אין העברעאיש — אָבער דער פּירוש פון איין זייט איז אין אַ קלאָרן, פּאָפּולערן יידיש, און פון דער צווייטער זייט, ווי אַ באַזונדער ספר מיט אַ פּירוש אין אַ קלאָרן מאָדערנעם ענגליש וועלכער איז פאַרשטענדלעך צו אַלעמען.

איך האָב די גאַנצע צייט פון שרייבן די ווערטער געהאַט אין זינען אַז „פּרקי אבות“ איז אַ רעליגיעזער ספר און אַ טייל פון משניות, איך האָב אָבער אויך פאַרשטאַנען, אַז דער אינהאַלט איז פון אַזאַ סאָרט מאַטעריאַל וועלכער האָט אַן אינטערעס און באַדיי־טונג פאַר יעדן. איך האָב זיך דערפאַר גענומען די פרייהייט אויס־טייטשן געוויסע שטעלן אויף אַ ליבעראַלן פאַרשטענדלעכן וועג. יעדער מאַן און פרוי, ניט קוקנדיק אויף זייער פאַרשטענדעניש און

אויפפירונג פון יידישער טראַדיציע קען געפונען אַן אינטערעס אין דער לערע.

פרקי אבות איז אַ פערל פון יידישער און וועלטליטעראַטור, וואָס רעדט צום מוח און האַרץ, ווען מען באַנעמט דעם נאָבעלען אינהאַלט.

דער קליינער ספר, האָף איך, איז אין אַ באַשיידענער מאָס אַ ביישטייער פאַר דעם דאָזיקן צוועק.

מיין חנוך וואָס איך האָב באַקומען אין מיין יוגנט אַלס ישיבה בחור אין דער גרויסער קישינאָבער ישיבה, ווו ס׳האָט געהערשט אַן אַטמאָספערע פון תורה און יראת שמים, האָט געהאַט אַ ווירקונג אויף מיין לעבן.

שפּעטער אַלס מנהל פון די פּאַרייניקטע תלמוד תורה׳ס אין סט׳ לואיס האָב איך פּרובירט צו באַאיינפלוסן אידישע קינדער ליב צו האָבן תורה און טראַדיציע.

אין די לעצטע 10 יאָר, אַלס גייסטיקער פירער פון דער קהילה „בית יהודה״, האָב איך די געלעגנהייט צו לערנען מיט אידן צווישן אַנדערע לימודי קודש אויך פרקי אבות יעדן שבת אין די זומער מאָנאַטן.

איך האָב אויך איינגעפירט אַ קורס פון פרקי אבות אין אַ „וועלטלעכן״ אַנשטאַלט פאַר די לעצטע 3 יאָר מיט דערפאָלג.

איך האָב ליב באַקומען פרקי אבות און וויל בייטראָגן מיין קליינעם חלק דורך דעם דאָזיקן ספר, האָפנדיק, בע״ה אַריינברענגען די נאָבעלע לערע אין אַ צאָל אידישע הייזער.

א ר י ה (לעאָן) ל אַ נ ד ע ר

ה׳ אייר ה׳תשכ״ח, יום העצמאות

20 יאָר פון גרינדונג מדינת ישראל

לזכר נשמות הורי היקרים
אברהם בר׳ יהודה ליב ז״ל
סימע יענטע בת ר׳ עזריאל ז״ל

# פרק א.

## כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא שנאמר: ועמך כלם צדיקים לעולם יירשו ארץ, נצר מטעי מעשי ידי להתפאר.

אַלע וואָס באַלאַנגען צום יידישן פאָלק האָבן אַ חלק אין דער קומענדער וועלט, ווי עס ווערט געזאָגט ביי דעם נביא אין נאָמען פון גאָט. דיין פאָלק זיינען אַלע צדיקים, זיי וועלן אייביק באַזיצן דאָס לאַנד, זיי זיינען אַ צווייג פון מיין פלאַנצונג, די ווערק פון מיינע הענט, מיט זיי זיך צו באַרימען.

די משנה „כל ישראל" איז ניט אַ טייל פון אבות, זי ווערט דאָך געלערנט אָדער געזאָגט בעפאָר יעדן פרק אַלס אַ פּאַסיקע הקדמה צו דער וואונדערבאַרע לערע פון אהבת התורה און שיינע מדות וואָס ווערט ברייט און טיף אַרויס געבראַכט אין פרקי אבות. דיזע משנה איז דער אָנפאַנג פון לעצטן פרק אין סנהדרין וואו עס האַנדלט זיך וועגן טיף־רעליגיעזן ענין פון עולם הבא ספּעציעל אין דער צייט פון תחיית המתים. עס ווערט דאָרט ערקלערט דאָס יעדער איד מיט דער אויסנאַמע פון שווערע זינדער, האָט אַ חלק אין דער קומענדער וועלט.

דיזע ערקלערונג שטיצט זיך אויף אַ פּסוק אין ישעיה פרק ס׳: „ועמך כלם צדיקים", דיין פאָלק, ציון, זיינען אַלע צדיקים און וועלן אייביק ירשנען די לאַנד. עס ווערט פאַרשטאַנען עולם הבא. עס פאַרענדיקט זיך מיט אַ לויב צו יידן דאָס זיי זיינען „אַ צווייג פון מיין פלאַנצונג די ווערק פון מיינע הענט זיך צו באַרימען". ישעיה פּראָקלאַמירט דאָס אידישע פאָלק אַלס אַ דערהויבענע, זאָגאַר ווען איינצלנע יידן זיינען אין אַ נידעריקער שטופע מיט זייער אויפפירונג. דאָס פאָלק אַלס אַ גאַנצע איז אין אַ הויכער מדרגה: „עמך כלם צדיקים".

עס איז כדאי צו באַמערקן דאָס דער פרק ס׳ אין ישעיה איז דורכאויס קלאָר אַ פּראַכטפולע נבואה צו דער שטאָט ירושלים. עס פאַנגט זיך אָן מיט די ווערטער: קומי אורי, שטיי אויף און באַלייכט. דאַן קומען פאָלגענדע פראַזן: הויב אויף דיינע אויגן און זע ווי

אַלע האָבן זיך פאַרזאַמלט דיינע זין און טעכטער זיינען צוריק געקומען צו דיר. עס וועלן קומען די אַלע וועלכע האָבן ווי געטאָן דיינע קינדער און בעטן פאַרגעבונג אויף זייערע זינד און וועלן דיך רופן, ציון, די שטאָט פון הייליקן גאָט פון ישראל. און צום ענדע דער אויסדרוק ועמך כלם צדיקים. די נבואה האָט אַ נאָענטע שיכות מיט די פלאַמענדע ווערטער פון ישעיה פרק ב׳, „והיה באחרית הימים״, אין די ימות המשיח ווען אַלע פעלקער וועלן קומען קיין ירושלים און וועלן אַנערקענען דעם בורא עולם און זיין תורה: כי מציון תצא תורה ודבר ה׳ מירושלים.

משנה א. משה קבל תורה מסיני ומסרה ליהושע, ויהושע לזקנים וזקנים לנביאים, ונביאים מסרוה לאנשי כנסת הגדולה. הם אמרו שלשה דברים: הוו מתונים בדין, והעמידו תלמידים הרבה ועשו סיג לתורה.

משה האָט מקבל געווען די תורה אויף דעם באַרג סיני און זי איבערגעגעבן צו יהושע, יהושע צו די זקנים, די זקנים צו די נביאים און די נביאים האָבן זי איבערגעגעבן צו די מיטגלידער פון כנסת הגדולה. זיי האָבן געזאָגט דריי זאַכן: זייט געדולדיק אין משפט, שטעלט אויף פיל תלמידים און מאַכט אַ צוים צו דער תורה.

דיזע הקדמה וועגן דער תורה איז נויטיק כדי צו אונטער־שטרייכן פאָלגענדע דריי זאַכן:

א. אַז די תורה וואָס מיר באַזיצן האָט משה באַקומען אויפן באַרג סיני, אַז דאָס איז ניט אַ ליטעראַרישע ווערק געשאַפן ביי מענטשן און ס׳קען דערפאַר קיין פונדאַמענטאַלע ענדערונגען ניט געמאַכט ווערן.

ב. דאָס די אידישע פירער: משה, יהושע, די זקנים, די נביאים און די אנשי כנסת הגדולה האָבן געפירט דאָס פאָלק לויט די יסודות פון תורה. דאָס דאַרף דינען אַלס וועג־ווייזער פאַר אידישע מנהיגים פון אַלע דורות.

ג. טראָץ דעם וואָס דער אינהאַלט פון פרקי אבות איז אַנדערש פון אַנדערע משנה׳ס — זיי פאַרהאַנדלען דינים און הלכות, און

„אבות" שטרייכט אונטער מאָראַל און שיינע מידות, דאָך איז דאָס פּונקט אַזוי הייליק ווי די אַנדערע טיילן פון משניות.

די כנסת הגדולה אין דער צייט פון עזרא האָט געלייגט דעם יסוד פון געזעצגעבונג וואָס האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט אַלס תלמוד. זיי האָבן אונטערשטראָכן פאָלגנדע דריי זאַכן:

א. צו זיין פאָרזיכטיק ביי אַרויסגעבן אַ פּסק־דין. עס איז נויטיק פאַר אַ ריכטער אויסצוהערן און אויספאָרשן גרונטלעך אַלע וואָס באַטייליקן זיך אין די פאַרהאַנדלונגען. די זעלבע געדולד דאַרף באַנוצט ווערן אין אַלע פאַרהאַנדלונגען אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

ב. עס איז וויכטיק צו פאַרגרעסערן די צאָל תלמידים און ניט זיין איבערקלייבעריש. עס פּאַסירט, דאָס מענטשן פון אַ נידעריקער שטופע זאָלן דורך זייערע פעאיקייטן און התמדה זיך דערהויבן צו דער העכסטער מדרגה. די געשיכטע דערציילט פאַלן וואָס מענטשן פון אַ נידעריקער מדרגה זיינען באַרימט געוואָרן.

ג. עס איז נויטיק צו מאַכן אַ צוים צו דער תורה. די געזעצן זיינען ווי פרוכט אין אַ גאָרטן און מוזן האָבן אַ גדר אַרום צו פאַר־היטן פאַר אַריינדרינגער. אונזערע חכמים און גאונים האָבן געשאַפן געזעצן וועלכע זעען אויס מינדערוויכטיק אום צו פאַרהיטן מענטשן צו באַגיין ערנסטע זינד דורכדעם וואָס זיי היטן זיך צו טאָן זאַכן וואָס קענען פירן צו ערנסטע עברות.

משנה ב. **שמעון הצדיק היה משירי כנסת הגדולה. הוא היה אומר: על שלשה דברים העולם עומד: על התורה ועל העבודה ועל גמילות חסדים.**

שמעון הצדיק פון די איבערגעבליבענע פון כנסת הגדולה פלעגט זאָגן: אויף דריי זאַכן שטייט די וועלט, אויף תורה לערנען גאָטעסדינסט און גוטע באַהאַנדלונג פון מענטשן.

שמעון הצדיק איז געווען איינער פון די לעצטע פון דער כנסת הגדולה וואָס עזרא הסופר און נחמיה האָבן געגרינדעט. ער איז פאַר פילע יאָרן געווען אַ כהן גדול. אין תלמוד ווערט דערציילט

אַז ווען אלכסנדר מוקדון איז געקומען קיין ירושלים איז אים אַנט־קעגן געקומען שמעון הצדיק אָנגעטאָן אין די הייליקע קליידער פון כהן גדול. ווען אלכסנדר האָט אים דערזען איז ער דערציטערט געוואָרן קלערנדיק אַז ער זעט אַ מלאך און איז אַראָפּ פון זיין פערד און געבוקט זיך צו דער ערד. די דריי זאַכן אויף וועלכע די וועלט שטייט זיינען פאָלגנדע:

א. תורה — כדי די וועלט זאָל האָבן אַ קיום איז נויטיק צו לערנען און פאַרשטיין די געזעצן פון דער תורה, ווייל אָן די ידיעות וואָלטן מענטשן ניט געוווּסט ווי צו לעבן צווישן זיך אין יושר און פרידן ניט נאָר אידן נאָר די גאַנצע מענטשהייט וואָלט געווען פאַר־זינקען אין פינסטערניש, אומוויסנהייט און רשעות. די וועלט וואָלט דאַן חרוב געוואָרן.

ב. עבודה — אין די צייטן פון די געצנדינער איז די רעליגיע באַשטאַנען פון מקריב זיין קרבנות. זייער וועג איז געווען אַ ווילדער און אוממאָראַלישער און האָבן אין זייער ווילדקייט זייערע אייגענע קינדער פאַרברענט צו דער עבודה זרה.

די אידישע וועלט מיטן גלויבן אין אַ בורא עולם האָט די עבודה פון קרבנות פאַרהייליקט לויט די געזעצן און פאָרשריפט פון דער תורה. ווען קרבנות זיינען אָפּגעשטעלט געוואָרן, האָט די עבודה זיך פאַרוואַנדלט אין תפילה, וועלכע די רעליגיעזע פירער האָבן מסדר געווען פאַר דער שול און דער היים פאַר יעדער גע־לעגענהייט. זיי האָבן אַריין געבראַכט לעבן און פרייד פאַר שבת, יום טוב און יעדן טאָג. צוזאַמען מיט די תפילות איז דאָס אידישע פאָלק רייך מיט דינים און טראַדיציאָנעלע מנהגים, אָן וועלכע אידישקייט וואָלט קיין קיום נישט געהאַט.

ג. גמילות חסדים — די הילף וואָס מען גיט אַ צווייטן ווען ער איז אין נויט, אַ נדבה אַן אָרעמאַן, צדקה צו ווירדיקע אינסטי־טוציעס, בייזשטייערונגען פאַר תורה־אַנשטאַלטן — זאָגאַר בלויז אַ גוטע עצה אַ גוט וואָרט אין צייט פון נויט. יעדער טאַט וואָס העלפט אַ מענטש אָדער אַ געזעלשאַפט, ווערט פאַררעכנט אַלס אַ גמילות חסד. שמעון הצדיק ווייזט אָן אין קורצע ווערטער דעם זיכערסטן וועג פאַר פריינטלעכער עקזיסטענץ פאַר דער מענטשהייט: ווען

מענטשן ווען רעספעקטירן תורה און חכמה און געבן הילף צו נויטבאַדערפטיקע.

משנה ג. אנטיגנוס איש סוכו קבל משמעון הצדיק. הוא היה אומר: אל תהיו כעבדים המשמשין את הרב על מנת לקבל פרס אלא הוו כעבדים המשמשין את הרב שלא על מנת לקבל פרס. ויהי מורא שמים עליכם.

אנטיגנוס פון שטאָט סוכו האָט איבערגענומען פון שמעון הצדיק. ער פלעגט זאָגן: איר זאָלט ניט זיין ווי קנעכט וואָס באַדינען דעם האַר אום צו קריגן באַצאָלט, נאָר איר זאָלט זיין ווי באַדינער וואָס באַדינען דעם האַר ניט פאַר דעם לוין וואָס זיי וועלן קריגן און עס זאָל זיין אויף אייך די מורא פאַר גאָט.

אנטיגנוס ווייזט אָן אין דער משנה דעם וועג פון טון נאָבעלע טאַטן ניט דערפאַר וואָס מען וועט קריגן שכר פאַר די מצוות נאָר אַלס לאָיאַליטעט צו דעם באַשאַפער פון דער וועלט. זיין עצה איז דאָס אַ מענטש זאָל אין זיך אַנטוויקלען אַ חשק צו טון גוטס און הנאה האָבן פון טון מצוות. שכר פאַר דער מצווה וועט קומען, אָבער עס איז בעסער צו פילן פאַרגעניגן אין דער מצווה טון. צו דעם זאָגט אנטיגנוס, איז אויך נויטיק יראת שמים. מורא האָבן פאַר דעם באַשעפער.ביידע צוזאַמען: ליבע און מורא — אהבה און יראה זיינען נויטיק.

ד. יוסי בן יועזר איש צרדה ויוסי בן יוחנן איש ירושלים קבלו מהם. יוסי בן יועזר איש צרדה אומר: יהי ביתך בית ועד לחכמים והוי מתאבק בעפר רגליהם והוי שותה בצמא את דבריהם.

יוסי בן יועזר פון צרדה און יוסי בן יוחנן פון ירושלים האָבן איבער־גענומען פון זיי. יוסי בן יועזר זאָגט: זאָל דיין הויז זיין אַ פאַרזאַמלונגס הויז פאַר די חכמים און זאָלסט אויף זיך פילן די שטויב פון זייערע פיס און ווי אַ דאָרשטיקער טרינקען זייערע ווערטער.

מיט די צוויי יוסיס הויבט זיך אָן אַ ריי פון פינף פּאָרלעך גע־לערנטע, דער ערשטער — נשיא, דער צווייטער זיין געהילף און אב בית דין פון סנהדרין. יוסי בן יועזר איז באַגייסטערט פאַר תורה און חכמה און ראָט יעדן זיך צו פאַרבונדן מיט תורה און אירע לערנער דורך פאָלגנדע מיטלען:

א. אַ מענטש זאָל שטרעבן, אַז אין זיין הויז זאָלן זיך פאַרזאַמ־לען קלוגע און געלערנטע; ב. ער זאָל נאָכגיין די באַרימטע מענטשן; ג. טרינקען ווי אַ דאָרשטיקער זייערע ווערטער. זייערע ווערטער זאָלן זיין ווי אַ פרישער קוואַל וואַסער פאַר אַ דאָרשטיקן.

תורה און חכמה זיינען תמיד געווען דער ווונטש פון עלטערן פאַר זייערע קינדער. ניט רייכטום, ניט פיזישע שטאַרקייט האָבן געקענט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון תלמוד חכם ביי אידן.

ה. יוסי בן יוחנן איש ירושלים אומר: יהי ביתך פתוח לרוחה ויהיו עניים בני ביתך, ואל תרבה שיחה עם האשה. באשתו אמרו קל וחמר באשת חברו. מכאן אמרו חכמים כל המרבה שיחה עם האשה גורם רעה לעצמו ובוטל מדברי תורה וסופו יורש גיהנם.

יוסי בן יוחנן פון ירושלים זאָגט: זאָל דיין הויז ברייט אָפן זיין, זאָלן די אָרעמע זיין אַ טייל פון דיין הויזגעזונד און זאָלסט ניט רעדן צופיל מיט אַ פרוי. די חכמים לערנען פון דעם ניט נאָר מיט אַ פרעמדער נאָר אפילו מיט זיין אייגן ווייב, ווייל פיל רעדן קען ברענגען שלעכטע רעזולטאַטן, ברענגען קריג און אויך פאַרנומען די צייט פון לערנען און אויף זיך ברענגען גיהנם.

יוסי בן יוחנן פון ירושלים גייט אַ שריט ווייטער פון זיין חבר יוסי בן יועזר און זאָגט: עס איז ניט גענוג צו עפענען דאָס הויז פאַר קלוגע און געלערנטע, נאָר אויך ברייט אָפן זיין פאַר אורחים אָרעמע און היימלאָזע. ער זאָגט ווייטער, אַז ווען מען נויטיקט זיך אין באַדינער און אַרבעטער זאָל מען אָנשטעלן די אָרעמע וואָס נויטיקן זיך אין דעם לויז און ווען זיי זיינען באַשטימט פאַר זייער אַרבעט אָל מען זיי מאַכן פילן ווי אייגענע מענטשן און ווי אַ טייל

פון דער משפחה. יוסי בן יוחנן וואָרנט שטרענג ניט צו פאַרפירן לאַנגע געשפרעכן מיט פרויען. מיט פרעמדע פרויען איז דאָס פאַר־באָטן ווייל דאָס קען פירן צו אונמאָראַלישע זינד. עס איז אָבער אויך ראַטזאַם ניט צו רעדן פיל מיט אַן אייגענער פרוי אַזעלכע רייד, וועלכע זיינען ניט נויטיק פאַר פאַמיליע אַנגעלעגנהייטן. די וואָרנונג קעגן צופיל רעדן מיט אַ פרוי איז באַזירט אויף פאַקטן, וועלכע צייגן קלאָר אָן, אַז די לאַנגע פוסטע רייד פאַרענדיקן זיך אָפט מיט רכילות און לשון הרע און פאַרשפרייטן פייער פון מחלוקת. עס פאַסירט אָפט ווען אַ מאַן האָט פאַרדרוס און איז אויפגערעגט וואָס מען האָט אים ניט גוט באַהאַנדלט אין מסחר אָדער געזעלשאַפט. ווען ער קומט אַהיים פילט ער ווי אויסריידן זיך פאַר דעם ווייב און ער דריקט זיך אויס שאַרף קעגן געוויסע מענטשן. פון דעם אַנט־וויקלט זיך אַ שאַרפער געשפרעך צווישן אים און זיין פרוי, וועלכע איז פאַר אָדער קעגן אים. דאָס ברענגט אונאַננעמלעכקייטן צווישן זיי און אָפטמאָל אַ שאַרפער מחלוקת מיט אַנדערע. די דאָזיקע וואָ־רענונג איז זיכער ניט געמיינט, אַז אַ מאַן זאָל ניט באַראָטן זיך מיט זיין פרוי אין פאַמיליע אַנגעלעגנהייטן. דער תלמוד דערקלערט אויסדריקלעך, אַז אַ מאַן זאָל זיך דורכרעדן מיט זיין ווייב און זיך צוהערן צו אירע מיינונגען.

## ו. יהושע בן פרחיה ונתי הארבלי קבלו מהם. יהושע בן פרחיה אומר: עשה לך רב, וקנה לך חבר והוי דן את כל האדם לכף זכות.

יהושע בן פרחיה און נתי פון ארבל האָבן איבערנומען פון זיי. יהושע בן פרחיה זאָגט: מאַך זיך אַ רבי, און קויף זיך אַ גוטן חבר און באַטראַכט אַלע מענטשן צום בעסטן.

יהושע בן פרחיה ראָט אַלעמען אָנשטרענגען זיך צו זיין אין גוטער געזעלשאַפט. אַ מענטש דאַרף זיך קריגן אַ פערזאָן וועמען ער קען פרעגן פראַגן, וואָס ער אַליין קען ניט ענטפערן. ס'איז אויך ראַטזאַם זיך איינהאַנדלען אַ פריינט מיט וועמען ער קען פאַרברענ־גען אין גוטער געזעלשאַפט, אפילו ווען דאָס וועט אים אָנקומען

שווער. יהושע בן פרחיה וואָרנט, ניט באַשולדיקן אַ צווייטן, ווען ער באַגייט אַן אומרעכט. און צו געפונען פאַר אים אַ זכות, טאָמער האָבן די אומשטענדן אים געבראַכט צו באַגיין די זינד.

ז. נתי הארבלי אומר: הרחק משכן רע, ואל תתחבר לרשע ואל תתיאש מן הפורענות.

נתי פון ארבל זאָגט: דערווייטער זיך פון אַ שלעכטן שכן, זאָלסט זיך ניט פאַרבונדן מיט אַ שלעכטן מענטש און זאָלסט ניט אויפהערן צו דערוואַרטן אַז דער רשע וועט באַשטראָפט ווערן.

נתי פון ארבל איז מסכים מיט זיין חבר יהושע אַז עס איז נויטיק צו געפונען אַ רבין און אַ גוטן חבר. ער שטרייכט אָבער אונטער די וויכטיקייט פון היטן זיך פון שלעכטער געזעלשאַפט. ער וואָרנט, אַז אַ שלעכטער שכן און אַ פאַרדאָרבענער פריינט קענען אַראָפּפירן פון גוטן וועג און באַקומען די זעלבע שטראָף. די תורה פאַרצייכנט דעם פאַקט פון קורח ועדתו. ווען קורח׳ס שכנים און פריינט זיינען צוזאַמען באַשטראָפט געוואָרן פאַר זייערע בשותפותדיקע זינד. נתי וואָרנט ניט צו אַנטוויקלען אַ פריינטשאַפט אָדער אַ שותפות מיט אַ פאַרדאָרבענעם מענטש אפילו ווען ער ווינט ווייט אַוועק, ווייל שלעכטע מעשים לערנט מען זיך שנעל אָפּ.

נתי מאַכט אויפמערקזאַם, אַז ווען מ׳זעט אַז אַ רשע איז מצליח זאָל מען ניט אויפגעבן דעם געדאַנק, אַז דער פאַרברעכער וועט דורכגיין אומבאַשטראָפט, ווייל ס׳איז זיכער דאָס צום שלוס וועט דער רשע קריגן זיין פאַרדינטע שטראָף פאַר זיינע מעשים.

ח. יהודה בן טבי ושמעון בן שטח קבלו מהם. יהודה בן טבי אומר: אל תעש עצמך כעורכי הדינים וכשיהיו בעלי הדין עומדים לפניך יהיו בעיניך כרשעים, וכשנפטרים מלפניך יהיו בעיניך כזכאים כשקבלו עליהם את הדין.

יהודה בן טבי און שמעון בן שטח האָבן איבערגענומען די פירערשאַפט פון זיי. יהודה בן טבי זאָגט: דו זאָלסט זיך ניט מאַכן ווי די תאָס גרייטן צו

די טענות, און ווען די בעלי הדין שטייען פאַר דיר זאָלן זיי זיין אומגערעכט, און ווען זיי גייען אַוועק זאָלן זיי אין דיינע אויגן זיין ביידי גערעכטע ווען זיי האָבן אָנגענומען דעם פסק דין.

יהודה בן טבי דער נשיא לערנט די ריכטער פאַר ווען די טענות קומען פאַר דאָס זיי זאָלן זיך ניט אויפפירן ווי אַדוואָקאַטן וואָס גרייטן צו די טענות אום ניט צו געבן די געלעגנהייט צו די בעלי הדין אויסצוגעפינען ווי בעסער צו טענה׳ען. ווען זיי טרעטן אויף מיט זייערע באַווייזן דאַרף מען אויף זיי האָבן אַ חשד, אַז ביידע זיינען שולדיק אפילו ווען די טענות פון איינעם זיינען שטאַר־קער פון דעם אַנדערן ביז צום סוף פון משפט. ווען דער ריכטער האָט אַלעמען אויסגעהערט און גרונטלעך אויסגעפאָרשט און אַרויס־געגעבן דעם פסק דין, וועלכע ביידע האָבן אָנגענומען און זיך פאַרפליכטעט דורכצופירן, דעמאָלט דאַרף פאַרגעסן ווערן ווער דער גערעכטער און ווער דער שולדיקער, און ביידע זאָלן דאַן באַטראַכט ווערן אַלס ערלעכע מענטשן.

## ט. שמעון בן שטח אומר: הוי מרבה לחקר את העדים, והוי זהיר בדבריך שמא מתוכם ילמדו לשקר.

שמעון בן שטח זאָגט: דו זאָלסט גרונטלעך אויספאָרשן די עדות און זאָלסט זיך היטן מיט דיינע רייד אַז זיי זאָלן זיך פון זיי ניט לערנען ווי צו זאָגן ליגן.

שמעון בן שטח האָט געלעבט אין אַ צייט ווען אַ שאַרפער קאַמף איז אָנגעגאַנגען צווישן די צדוקים און פרושים. די ריכטער האָבן געהאַט אַ שווערע אויפגאַבע אַרויסצוטראָגן גערעכטע באַשליסע ווען פאַלשע עדות האָבן זיך אָפט באַטייליקט. ער איז געווען אַ ברודער פון דער קעניגין שלומית אלכסנדרה און ער האָט זיין איינפלוס אויסגענוצט איינצופירן יושר און גערעכטיקייט אין די סנהדרין. ס׳ווערט צוגעשריבן צום אים דער קרעדיט פון גרינדן תורה־אַנשטאַלטן פאַר קינדער אין וועלכע די קינדער זיינען פאַרפליכטעט

געוואָרן צו באַזוכן ווען זייערע עלטערן זיינען ניט געווען בכוח אַליין צו לערנען זיי.

י. שמעיה ואבטליון קבלו מהם. שמעיה אומר: אהב את המלאכה ושנא את הרבנות, ואל תתודע לרשות.

שמעיה און אבטליון האָבן פון זיי איבערגענומען. שמעיה זאָגט: האָב ליב די אַרבעט און האָב פיינט הערשאַפט און זער ניט באַפריינדעט מיט פּאָליטישע עלעמענטן.

שמעיה און אבטליון די פירער פון סנהדרין זיינען, לויט טראַדי־ציע, אַרויסגעקומען פון גרים וועלכע האָבן אָנגענומען דעם אידישן גלויבן אַלס שטאַרקע ליבע צו דער תורה און טיפע אַכטונג פאַר דעם אידישן גלויבן און האָבן דערפאַר זוכה געווען, אַז פון זיי זאָלן אַרויסקומען באַרימטע אידישע פערזענלעכקייטן. שמעיה האַלט אַז דאָס אַרבעטן איז אַ ברכה. אויף דעם פסוק: „ששת ימים תעשה מלאכה“, זאָגן אונדזערע חכמים: אַז דאָס איז אַ דערקלערונג, אַז פונקט ווי ס׳איז אַ פליכט צו רוען שבת איז אויך נויטיק צו אַרבעטן די אַנדערע זעקס טעג. די וועלט קען עקזיסטירן בלויז ווען יעדער מענטש אַרבעט און שאַפט די נויטיקע זאַכן וואָס דאָס לעבן פאַר־דערט. די גרויסע פערזענלעכקייטן פון תלמוד האָבן זיך מפרנס געווען דורך שווערע אַרבעט. שמעיה ראָט פיינט צו האָבן הערשן איבער אַנדערע. אויך וואָרנט ער ניט צו שליסן קיין פריינטשאַפט מיט דער פּאָליטישער קליקע.

יא. אבטליון אומר: חכמים הזהרו בדבריכם שמא תחובו חובת גלות, ותגלו למקום מים הרעים וישתו התלמידים הבאים אחריכם וימותו ונמצא שם שמים מתחלל.

אבטליון זאָגט: איר חכמים זאָלט געוואָרנט זיין מיט אייערע רייד, טאָמער וועט איר פאַרטריבן ווערן פון אייערע ערטער צו אַן אָרט פון שלעכטע

װאַסערן און אייערע תלמידים װעלן פון זיי טרינקען און װעלן שטאַרבן, און אַזוי װעט גאָט׳ס נאָמען פאַרשװעכט װערן.

אבטליון איז דורכגעגאַנגען שװערע צייטן װען אין אידישן לאַנד האָבן געהערשט די פרייע צדוקים, װעלכע האָבן באַקעמפּט די פרומע פרושים. אבטליון האָט געמוזט פאַרלאָזן ארץ־ישראל און צייטװייליק געלעבט אין אלכסנדריה, עגיפּטן, װוּ די אפּיקורסישע לערע איז געװען פאַרשפּרייט. ער װאָרנט דאַן זיינע חברים און תלמידים צו זיין פאָרזיכטיק מיט זייערע װערטער, דאָס זיי זאָלן ניט קענען אויסגעטייטשט װערן אויף אַן אפּיקורסישן װעג. ער דער־קלערט דאָס אויף אַ פאַרשטעלטן װעג: טאָמער װעט איר, רעליגיעזע פירער, באַשטראָפט װערן מיט גלות און איר װעט אָנקומען אויף אַ פּלאַץ פון שלעכטע שעדלעכע װאַסער װוּ מ׳טייטשט אויס װערטער פון תורה אויף אַ העלעניסטישן װעג, דאַן װעלן שפּעטער קומען אייערע תלמידים און װעלן טרינקען די װאַסער, די פאַלשע אויס־טייטשונג פון אייערע ניט קלאָרע רייד און װעלן אַראָפּ פון גלייכן װעג, װייל אייערע װערטער זיינען ניט קלאָר געװען, און די העלע־ניסטן האָבן פאַרדרייט אייערע װערטער און פאַרפירט אייערע אייגענע תלמידים און ס׳װעט ברענגען אַ חילול השם.

## יב. הלל ושמאי קבלו מהם. הלל אומר: הוי מתלמידיו של אהרן: אוהב שלום ורודף שלום, אוהב את הבריות ומקרבן לתורה.

הלל און שמאי האָבן איבערגענומען פון שמעיה און אבטליון. הלל זאָגט: זיי פון די תלמידים פון אהרן הכהן, אַ ליבהאָבער פון שלום און אַ נאָכיאָגער נאָך שלום, אַ ליבהאָבער פון מענטשן און דורכדעם זיי דערנענטערן צו דער תורה.

הלל און שמאי זיינען די לעצטע פון די פינף פּאָר געלערנטע פירער. זיי זיינען אויך די באַרימטסטע פון די סנהדרין. ביידע האָבן באַשאַפן באַרימטע תורה־אינסטיטוציעס באַקאַנט אַלס: בית הלל און בית שמאי. ביידע זיינען געװען גרויס אין תורה, ערלעך און

ערנסט אין זייערע געזעץ־אויסטייטשונגען, אָבער פאַרשידן אין כאַ־ראַקטער. הלל — אַ גוטמוטיקער פריינטלעכער און ליבעראַל אין זיינע אַנטשיידונגען. שמאי — אַ שטרענגער האַרטער און אונבויגונג אין זיינע תורה־געזעץ־מיינונגען.

הלל זאָגט אין דער דאָזיקער משנה: זייט צווישן די נאָכפאָלגער פון אהרן הכהן, אַ ליבהאָבער פון שלום. צאָלרייכע לעגענדעס זיינען פאַרשפרייט צווישן אידן וועגן אהרן׳ס אונערמידלעכע טעטיקייטן פאַר שלום. ווען אהרן איז געשטאָרבן, זאָגט די תורה, אַז אַלע אידישע פאַמיליעס האָבן געטרויערט נאָך אים, ווייל ער האָט שלום געמאַכט צווישן מאַן און ווייב און אויסגעגלייכט זייערע קריוודעס. ער האָט צוליב שלום אויסגעטראַכט זאַכן וועלכע זיינען אין דער ווירקלעכקייט ניט געווען. ווען ער האָט אויסגעפונען אַז צוויי פריינט האָבן זיך צעקריגט איז ער געגאַנגען פריער צו איינעם און דאַן צום צווייטן און יעדן איינעם פון זיי געזאָגט דאָס דער צווייטער איז זייער באַזאָרגט וועגן דעם קריג און באַדויערט זייער וואָס ער האָט אים באַליידיקט, אַזוי אַרום האָט ער ־ווייך געמאַכט זייערע הערצער און ווען זיי האָבן זיך באַגעגנט האָבן זיי זיך מיט האַרציקע ליבע געדריקט. דער רמב״ם דערקלערט דעם אויסדרוק: ומקרבן לתורה, ווען אהרן האָט אויסגעפונען אַז אַ איד האָט געזינדיקט האָט ער זיך דערנענטערט צו אים און געוואָרן פריינטלעכער מיט אים. דער זינדיקער האָט זיך געפילט דערנידעריקט און געשעמט זיך וואָס אהרן הכהן חברט זיך מיט אים און ער האָט תשובה געטאָן. הרב קוק זצ״ל האָט זיך אויפגעפירט אויף דעם זעלבן וועג. ער האָט זיך געחבר׳ט מיט זינדיקע עלעמענטן און דאַדורך געמאַכט פריינט און פאַרערער און דורך דעם זיי דערנענטערט צו תורה און טראַ־דיציאָנעלע אידישקייט.

## יג. הוא היה אומר: נגד שמא אבד שמא, ודלא מוסיף יסף, ודלא יסף קטלא חיב, ודאשתמש בתגא חלף.

הלל פלעגט זאָגן: ווער עס זוכט צו פאַרשפרייטן זיין נאָמען וועט פאַרלירן זיין נאָמען, דער וואָס פאַרגרעסערט ניט זיין תורה און חכמה, וועט פאַרלירן

זיין קענטעניש, דער וואָס לערנט גאָר ניט איז ער שולדיק אין זיין לעבנס־פאַרלוסט, און דער וואָס באַנוצט זיך פאַר פערזענלעכע פאַרדינסט מיט דער קרוין פון תורה וועט אינגאַנצן פאַרלירן זיין פערזענלעכקייט.

שטרענג און האַרט זיינען די ווערטער פון הלל אין דער דאָזיקער משנה. ס׳איז מערקווירדיק, אַז אַזעלכע שאַרפע אויסדריקע זאָלן קו־מען פון דעם ליבן, פריינטלעכן הלל. ס׳ווערט דערפאַר פאַרשטאַנען, אַז דאָס זיינען ניט געווען זיינע אייגענע ווערטער, נאָר אַ פאָלקס־שפרוך פאָפולער אין יענער צייט וואָס הלל האָט נאָכגעזאָגט. ס׳איז אַזוי פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס ער באַנוצט זיך דאָ מיט דער אַראַ־מעאישער שפּראַך און ניט אין העברעאיש, די שפּראַך פון דער משנה. הלל אונטערשטרייכט די זינד פון גרויס האַלטן זיך און כבוד זוכן. די וויכטיקייט פון תורה לערנען און די געפאַר פון פאַרנאַכ־לעסיקן דאָס לערנען. ער וואָרנט מיט שטרענגע ווערטער ניט צו באַנוצן זיך מיט דער קרוין פון תורה פאַר פערזענלעכע בעניפיטן. ס׳מוז זיין תורה לשמה אָן זייטיקע געדאַנקען.

## יד. הוא היה אומר: אם אין אני לי מי לי, וכשאני לעצמי מה אני, ואם לא עכשיו אימתי.

**הלל פלעגט זאָגן, ווען איך וועל אַליין ניט טון פאַר זיך, ווער וועט עס טון. ווען איך וועל טון בלויז פאַר זיך, וואָס פאַר אַ באַדייטונג איז דאָס פאַר מיר, און אויב ניט איצט, ווען.**

די פראַקטפולע קורצע אויסדריקע ביי הלל אין דער דאָזיקער משנה זיינען באַרימט אַלס אַ פאָלקס־שפרוך. זיי ווערן אפילו אין אונדזער צייט נאָכגעזאָגט און דעקלאַמירט ווען מענטשן פאַרזאַמלען זיך. ס׳ווערט אויסגעדרוקט דער געדאַנק, אַז יעדער מענטש מוז פריער פון אַלעם טון אַלעס מעגלעכעס צו באַרייכערן זיין עקזיס־טענץ אין אַלע הינזיכטן סיי אין מאַטעריעלן זין און איבערהויפּט אין גייסטיקן לעבן. ער טאָר זיך ניט באַנוגענען מיט זיין אייגענעם דער־פאָלג. ס׳איז זיין אויפגאַבע צו אַרבעטן פאַר אַנדערע. די וועלט קען עקזיסטירן בלויז ווען יעדער טוט זיין חלק פאַר דער געזעל־

שאַפּט. ווען מענטשן וועלן לעבן בלויז פאַר זיך וועט די וועלט קיין קיום ניט האָבן.

אויך דאַרף יעדער האָבן אין זין, אַז מ׳טאָר ניט אָפּלייגן אויף שפּעטער, ווייל ס׳איז מעגלעך אַז עס וועט זיין צו שפּעט. מען מוז האָבן אין זין: אויב ניט איצט, ווען?

## טו. שמאי אומר: עשה תורתך קבע, אמר מעט ועשה הרבה, והוי מקבל את כל האדם בסבר פנים יפות.

שמאי זאָגט: מאַך דיין תורה לערנען אַלס אַ שטענדיקע באַשעפטיקונג, זאָג ווייניק און טו אַ סך, זאָלסט אויפנעמען יעדן מענטש מיט אַ פריינטלעכן פּנים.

שמאי זאָגט: אַ מענטש זאָל באַשטימען אַ צייט יעדן טאָג פאַר לערנען, פּונקט ווי אַן אַרבעטער און סוחר האָבן באַשטימטע שעה׳ן פאַר זייער אַרבעט אָדער מסחר. עס טאָר ניט זיין ווי אַ לוקסוס ווען עס איז דאָ איבעריקע צייט און חשק פאַר לערנען.

ער זאָגט אויך, מען זאָל זאָגן ווייניק און טון אַ סך. אַלע מפרשים ברענגען אַ ראַיה פון אברהם אבינו, ווען ער האָט איינגע־לאַדן זיינע אורחים צו נעמען אַ שטיקל ברויט צו דערפרישן דאָס האַרץ און האָט צוגעגרייט אַ גרויסע סעודה פאַר זיי. און פאַרקערט עפרון החתי האָט פאַרגעשלאָגן אברהמען לאַנד אָן באַצאָלונג און צום שלוס האָט ער פאַרלאַנגט און באַקומען דעם העכסטן פּרייז פון פיר הונדערט זילבערנע שקלים. עס איז מערקווירדיק, דאָס דער אומגעדולדיקער שמאי ראָט צו אויפנעמען יעדן מענטש מיט אַ פריילעכן און פריינטלעכן פּנים. ווען אַ מענטש גיט אַ נדבה אַן אָרעמאַן מיט אַ זויערן פּנים באַליידיקט ער דעם גוטבאַדערפטיקן. ווען ער נעמט אויף אַ געפאַלענעם מיט אַ שמייכל און וואַרעמע ווערטער, אפילו ווען ער קען אים ניט געבן קיין פינאַנציעלע הילף, האָט ער פיל געהאָלפן דעם געפאַלענעם. דער אויסדרוק, פּנים יפות, פּאַסט זיך צו פריינטלעכקייט, ווייל דעמאָלט שיינען זיינע אויגן און די געזיכטסציקע באַקומען חן און ליבלעכקייט.

## טז. רבן גמליאל אומר: עשה לך רב והסתלק מן הספק, ואל תרבה לעשר אמדות.

רבן גמליאל זאָגט: מאַך זיך אַ רבין חעסטו קענען אַחעקשטיין פון אַ ספק, און זאָלסט ניט אָנהאַלטן צו געבן מעשר אָן חשבון.

רבן גמליאל הנשיא פון סנהדרין זאָגט דאָס זעלבע וואָס יהושע בן פרחיה האָט געזאָגט אין אַ פריערדיקער משנה, אָבער ער דער־קלערט וואָס דער צוועק איז: דערמיט דו זאָלסט נישט לעבן אין ספק. ווען אַ מענטש איז אין צווייפל, ער פאַרשטייט ניט אַן ענין אין לערנען אָדער אין טאָג טעגלעכע אָנגעלעגנהייטן, און קען ניט באַשליסן וואָס צו טון, איז דאַן גוט צו האָבן עמיצן אין וועמען מען האָט צוטרויען און מען קען אים פרעגן אַן עצה.

רבן גמליאל וואָרנט געגן געבן צדקה אָן חשבון. אַ מענטש זאָל ביישטייערן לויט זיינע מעגלעכקייטן, ניט צופיל און ניט צו ווייניק.

## יז. שמעון בנו אומר: כל ימי גדלתי בין החכמים ולא מצאתי לגוף טוב משתיקה, ולא המדרש עיקר אלא המעשה וכל המרבה דברים מביא חטא.

שמעון דער זון פון רבן גמליאל זאָגט: אַלע מיינע טעג בין איך געוואַקסן געוואָרן צווישן די חכמים און האָב ניט געפונען אַ בעסערע זאַך פאַרן גוף ווי שווייגן, און ניט דאָס לערנען איז דער עיקר נאָר דאָס טון, און דער וואָס רעדט צופיל ברענגט אויף זיך אַ זינד.

רבן שמעון אַלס אַ זון פון אַ נשיא איז דערצויגן געוואָרן אין אַ רייך און באַרימט הויז, און אין אַן אַטמאָספערע פון תורה און חכמה. ער דערקלערט דאָ די וויכטיקסטע עלעמענטן פון שיינער אויפפירונג פון זיין אייגענער דערפאַרונג. צום אָנפאַנג מאַכט ער די מערקווירדיקע דערקלערונג אַז טראָץ דעם וואָס אין זיין הויז איז פיל גערעדט געוואָרן וועגן פאַרשיידענע ענינים, איז די בעסטע זאַך צו שווייגן.

דער רמב״ם אין אַ לענגערער דערקלערונג אויף שמעון׳ס ווער־טער זאָגט, אַז עס זיינען פאַראַן עטלעכע קלאַסן רייד. די בעסטע און

לויבנסווירדיקסטע זיינען רייד פון תורה און תפילה. די ערגסטע רייד זיינען לשון הרע און רכילות וואָס איז אַ גרויסע זינד און איז שטרענג פאַרבאָטן אין דער תורה.

די אַנדערע טיפּן רייד זיינען די געוויינטלעכע געשפּרעכן צווישן מענטשן אין מסחר און אין געזעלשאַפט. שמעון׳ס וואָרענונג איז ניט געווענדט צו רייד פון תורה, וועלכע זיינען גוט און נוצלעך, מיט דער אויסנאַמע ניט אַריינצופאַלן אין די רייד פון אַ העכערן. ער האָט אויך ניט אין זינען געהאַט לשון הרע און רכילות, וואָס איז אַ שטרענגער פאַרבאָט פון אַ רעליגיעזן שטאַנדפּונקט. שמעון׳ס וואָרענונג איז געווענדעט צו געשפּרעכן וואָס זיינען פּאָפּולער און זעען אויס איבערפלעכלעך אומשולדיק. דאָך זאָגט ער פון דערפאַרונג, דערמיט צו זיין זיכער ניט צו טון שאָדן איז בעסער שווייגן. עס איז אַ גוטער מיטל ווען מען באַליידיקט עמיצן ער זאָל ניט אָפּ־ענטפערן אויף דער באַליידיקונג, דאָס קען אויסמיידן אַ קאַטאַס־טראָפע.

שמעון׳ס ווערטער קענען אויך פאַרשטאַנען ווערן, אַז ווען מען געפינט זיך אין געזעלשאַפט פון קלוגע דערפאַרענע מענטשן, איז בעסער צו שווייגן און הערן. שמעון דערקלערט אויך, אַז די גרויס־קייט און טיפקייט פון די געלערנטע צווישן וועמען ער האָט געלעבט איז ער דאָך געקומען צו דער מסקנה, אַז דער עיקר איז ניט דאָס לערנען ווי טיף עס זאָל ניט זיין. וויכטיקער פון דעם לערנען איז די טאַט, די נאָבעלע מעשים, וואָס די געלערנטע טון אַלס רעזולטאַט פון זייער לערנען.

וועגן שווייגן האָט אַ קלוגער מענטש אַמאָל געזאָגט: אַ מענטש האָט בלויז איין צונג און צוויי אויערן. הערן איז נויטיקער ווי ריידן.

**יח. שמעון בן גמליאל אומר: על שלשה דברים העולם עומד על האמת, על הדין ועל השלום שנאמר: אמת ומשפט שלום שפטו בשעריכם.**

רבן שמעון בן גמליאל זאָגט: אויף פאָלגנדיקע דריי זאַכן האָט די וועלט אַ קיום: אויף אמת, אויף גערעכטיקייט און אויף שלום, ווי דער נביא זאָגט: אמת, משפט און שלום זאָל הערשן אין אייערע טויערן.

רבן שמעון, דער פאָטער פון באַרימטן רבי יהודה הנשיא וואָס האָט מסדר געווען די משנה, אונטערשטרייכט די דריי פרינציפּן אויף וועלכע די וועלט עקזיסטירט: אמת, גערעכטיקייט און שלום. ווען די דאָזיקע פרינציפּן ווערן איגנאָרירט, ווען עס הערשט ליגן, פאַלשקייט און מחלוקת קען די וועלט ניט האָבן קיין קיום. ווען שקר קריגט די אויבערהאַנט, מען נאַרט איינער דעם צווייטן, באַווייזט זיך פאַלשקייט, די געזעצן פון לאַנד און די מאָראַל ווערט פאַרקריפּלט. דער געריכט פאַרמשפּט די אומשולדיקע און באַפרייט שולדיקע. מענטשן זיינען דאַן שלעכט און קריגעריש. שנאה פאַרשפּרייט זיך און עס פירט צו בלוט־פאַרגיסונג, ניט נאָר צווישן יחידים נאָר אויך צווישן פעלקער. עס ברענגט צו מלחמות, וועלכע פאַרשניידן מענטשלעכע לעבנס און מאַכן חרוב לענדער.

דער נביא זכריה פאָדערט אין נאָמען פון באַשעפער: פירט איין און פאַרשפּרייט אמת, גערעכטיקייט און שלום אין אייערע טויערן.

## רבי חנניא בן עקשיא אומר: רצה הקדוש ברוך הוא לזכות את ישראל, לפיכך הרבה להם תורה ומצוות שנאמר: ה׳ חפץ למען צדקו יגדיל תורה ויאדיר.

רבי חנניא בן עקשיא זאָגט: גאָט האָט געוואָלט פאַראיידעלן דאָס אידישע פאָלק, האָט ער זיי געגעבן אַ תורה און אַ סך מצוות, ווי דער נביא זאָגט: גאָט האָט געוואָלט צוליב זיין גערעכטיקייט מאַכן די תורה גרויס און נאָבעל.

די משנה רבי חנניא ווערט געלערנט נאָך יעדן פרק פון אבות אַלס אַ פאַסיקער עפּילאָג, פונקט ווי די משנה „כל ישראל" אַלס אַ הקדמה טראָץ דעם וואָסביידע משנה׳ס זיינען ניט אַ טייל פון פרקי אבות, זיינען זיי אַ שיינע פאַסיקע אַריינפיר און אַ שלוס פאַר די פראַכטפולע, נאָבעלע געדאַנקען, וואָס ווערן אַרויסגעבראַכט אין אבות.

רבי חנניא זאָגט אַז גאָט ברוך הוא האָט געוואָלט מזכה זיין זיין פאָלק ישראל האָט ער זיי געשאָנקען אַ שיינע תורה און אַ סך מצוות וואָס דערהויבן זיי צו אַ הויכער מדרגה פון מאָראַל און קדושה צו זיין אַ ביישפּיל צו אַנדערע פעלקער אין דער וועלט.

# פ ר ק ב׳

כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא שנאמר: ועמך כלם צדיקים לעולם יירשו ארץ, נצר מטעי מעשי ידי להתפאר.

**משנה א. רבי אומר: איזו היא דרך ישרה שיבור לו האדם, כל שהיא תפארת לעשה ותפארת לו מן האדם. והוי זהיר במצוה קלה כבחמורה, שאין אתה יודע מתן שכרן של מצות, והוי מחשב הפסד מצוה כנגד שכרה, ושכר עברה כנגד הפסדה. הסתכל בשלשה דברים ואין אתה בא לידי עברה: דע מה למעלה ממך, עין רואה ואזן שומעת, וכל מעשיך בספר נכתבים.**

רבי זאָגט: װעלכער איז דער ריכטיקער װעג אַ מענטש זאָל זיך אויס־קלייבן דער מיט װעלכן ער קען זיך באַשיינען און איז אויך אַ שיינקייט פון אַנדערע מענטשן. זאָלסט זיין געװאָרנט צו טון אַ גרינגע מצוה װי אַ שװערע, װייל דו װייסט ניט דעם לוין פון מצוות. זאָלסט אויסרעכענען דעם שאָדן פון טון אַ מצוה אַנטקעגן דעם שכר, און די הנאה װאָס האָסט טוענדיק די עברה קעגן דעם שאָדן. טראַכט װעגן די דריי זאַכן און װעסט ניט אַריינפאַלן אין זינדיקן: װייס װאָס איז פאַראַן העכער פון דיר, אַן אויג קוקט, און אַן אויער הערט, און אַלע דיינע מעשים װערן פאַרשריבן אין בוך.

רבי יהודה הנשיא איז געװען דער אָנערקענטער פירער פון זיין דור. ער האָט זיך אויסגעצייכנט ניט נאָר מיט זיין לומדות, נאָר אויך מיט זיין רייכטום, חכמה און דיפּלאָמאַטיע. זיין וויכטיקסטע דער־גרייכונג איז געווען, וואָס ער האָט צוזאַמענגעקליבן די הלכות פון די תנאים, וועלכע זיינען פאַר עטלעכע הונדערט יאָר איבערגעגאַנ־גען פון מויל צו מויל ביז זיין צייט און האָט זיי מסדר געווען אַלס משנה, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן פאַר אַלע דורות ביז היינ־טיקן טאָג, אַלס דער פונדאַמענטאַלער לימוד פון געזעץ. אַדאַנק זיין פּאָפּולאַריטעט און גרויסקייט אין הלכה איז דער טיטל „רבי" אָנ־ערקענט געוואָרן פאַר אים.

אין דער דאָזיקער משנה אַנאַליזירט רבי דעם געדאַנק, אַז דער מענטש זאָל זיך אויסקלייבן דעם מיטעלן וועג און ניט אַוועק צו עקסטרעמען. דער רמב"ם וויזט אָן דעם וועג אויף זיין מערקוויר־

דיקן אופן: דער מענטש דאַרף טון גוטע מעשים אויף אַזאַ וועג, אַז עס זאָל אים ניט שעדיקן, און זעען אַז קיין אומרעכט ווערט געטון אַנדערע. צדקה געבן למשל זאָל זיין מיט חשבון, אַזוי אַז ער זאָל ניט באַגיין אַן עוולה קעגן זיך און זיינע נאָענטע, ווען ער דאַרף מפרנס זיין און זיין זיכער, אַז ער גיט אין אַ פולער מאָס לויט זיינע אומשטענדן און ניט באַגיין אַ זינד קעגן די אָרעמע, קראַנקע און אַנדערע נויטיקע טעטיקייטן. דאָס איז דער געדאַנק פון דער משנה: אַ מענטש זאָל זיך אויסקלייבן אַ וועג וואָס זאָל זיין לויבנס־ווירדיק פאַר אים און אויך גוט און נאָבל פאַר אַנדערע מענטשן.

רבי זאָגט אויך: זיי אָפּגעהיט צו טון אַ לייכטע מצוה אַזוי ווי אַ שווערע. די תורה פאַרצייכנט דייטלעך די שטראָף פאַר זינד: אַ קלענערע שטראָף פאַר אַ קלענערער זינד און אַ שווערע שטראָף פאַר אַ גרויסן פאַרברעכן. אָבער דער לוין פאַר מצוות טון ווערט ניט קלאָר דערקלערט, אפשר דערפאַר, אַז מענטשן זאָלן זיך ניט אויסקלייבן די מצוות, וועלכע ווערן מער באַלוינט און פאַרנאַכ־לעסיקן יענע מצוות, פאַר וועלכע דער שכר איז קלענער. עס איז וויכטיק צו געדענקען, אַז די רעזולטאַטן פון טון אַ קליינע מצוה קען אַמאָל איבערשטייגן די גרויסע. אַלס אַ ביישפּיל קען דינען דער פאַקט, אַז העלפן אַ הונגעריקן מיט אַ מאָלצייט איז וויכטיקער ווי גרויסע ביישטייערונגען. אַ גוט וואָרט אָדער אַן עצה צו אַ געפאַלע־נעם מענטש איז אָפטמאָל וויכטיקער ווי פינאַנציעלע הילף.

רבי ראָט אַ מענטש וואָס וואַקלט זיך און קען ניט באַשליסן צו טון אַ מצוה וואָס פאָדערט אַרבעט און פאַרלוסט פון געלט, פאַרגעניגן און באַקוועמלעכקייט, אַז ער זאָל מאַכן דעם חשבון ניט לויט די באַלדיקע רעזולטאַטן נאָר אין זינען האָבן דעם לוין וואָס ער וועט שפּעטער באַקומען, סיי אין גייסטיקע זעלבסט צופרידנקייט און שכר פאַר דער מצוה. דער זעלבער חשבון זאָל געמאַכט ווערן ווען דער יצר הרע רעדט אָן דעם מענטש צו באַגיין אַן עברה וואָס אין איצטיקן מאָמענט וועט אים פאַרשאַפן פאַרגעניגן אָדער פינאַנ־ציעלע פאַרדינסטן, אָבער מען זאָל געדענקען, אַז דער זינדער וועט שפּעטער טייער באַצאָלן פאַר דעם ביסל פאַרגעניגן וועלכע די עברה האָט פאַרשאַפט.

רבי גיט אַן עצה וואָס צו טון דערמיט ניט אַריינפאַלן אין זינ־

דיקן וועג. מען זאָל געדענקען, אַז עס איז פאַראַן אַ העכערע קראַפט: אַן אויג וואָס זעט, אַן אויער וואָס הערט און אַז אַלע מעשים ווערן פאַרצייכנט אין אַ בוך. דער רמב״ם אַנאַליזירט די אויסדריקע אין תנ״ך און אין אַנדערע רעליגיעזע ספרים, וועלכע טראָגן אַ מענטש־לעכן כאַראַקטער: האַנט, פוס און אַנדערע אברים. אויך אַקטן: זעען, הערן, שרייבן, פרייד, כעס אדג״ל. דער רמב״ם קומט צום באַשלוס, אַז די אַלע אויסדריקע זיינען בלויז דערמיט מענטשן זאָלן פאַרשטיין דעם אינהאַלט אויף אַ מענטשלעכן וועג. ער וואָרנט, אַז מען טאָר ניט טראַכטן וועגן גאָט, אַלס אַ פּערזאָן מיט מענטשלעכע אברים און זיטן. עס איז אוממעגלעך פאַר אַ מענטשלעכן מוח צו באַגרייפן די עקזיסטענץ און אויפפירונג פון בורא עולם. מיר דאַרפן בלויז געדענקען, אַז עס איז פאַראַן אַ וועלט־באַשאַפער און פירער. און די היפּאָטעזע אַז די בחירה פון זיין גוט אָדער שלעכט איז אין מענטשס האַנט.

ב. רבן גמליאל בנו של רבי יהודה הנשיא אומר: יפה תלמוד תורה עם דרך ארץ, שיגיעת שניהם משכחת עון, וכל תורה שאין עמה מלאכה סופה בטלה וגוררת עון. וכל העוסקים עם הצבור יהיו עוסקים עמהם לשם שמים, שזכות אבותם מסיעתם וצדקתם עומדת לעד, ואתם מעלה אני עליכם שכר הרבה כאילו עשיתם.

רבן גמליאל זון פון רבי יהודה הנשיא זאָגט: עס איז גוט צו לערנען און זיך פירן מיט דרך ארץ — וועלטלעכקייט. דען די אַרבעט פוןביידע וועט מאַכן פאַרגעסן זינד, און דער וואָס לערנט און האָט ניט קיין מלאכה וועט זיין תורה לערנען זיך אָפּשטעלן און וועט אַריינשלעפּן זינד. און די אַלע וואָס זיינען עוסק אין אַרבעט פאַרן כלל זאָלן טון זייער אַרבעט הערלעך און דער זכות פון זייערע עלטערן וועט זיי העלפן און זיי וועלן האָבן הצלחה און אפילו ווען די רעזולטאַטן זיינען ניט גלענצנד וועלן זיי באַקומען שכר פּונקט ווי ווען אַלעס וואָלט דערגרייכט געוואָרן.

רבן גמליאל זון פון רבי יהודה הנשיא, איינער פון לעצטן דור תנאים איז דערצויגן געוואָרן אין אַ סביבה פון גרויסע געלערנטע

און אין אַ הויז פון רייכטום און לוקסוס טראָץ דעם מאַכט ער אַ מערקווירדיקע דערקלערונג: שטודירן איז גוט ווען עס גייט צוזאַמען מיט דרך ארץ. וואָס געוויינטלעך מיינט שיינע מאַניערן, וואָס פּאַסט זיך צו אַ געלערנטן מענטש. אָבער די מערסטע מפרשים דערקלערן אַז רבן גמליאל מיינט אַ פּראַקטישער וועג פאַר פּרנסה — אַרבעט אָדער מסחר. ווען אַ מענטש לערנט און צו דעם אַרבעט ער אויך, דאַן איז זיין וועג באַלאַנסירט. זיין צייט און ענערגיע זיינען האַרמאָניש און ער האָט ניט קיין צייט פאַר זינדיקע מחשבות און שלעכטע אויפפירונג. רבן גמליאל מאַכט קלאָר דאָס תורה אַליין אָן אַ באַשעפטיקונג וועט אַראָפּפירן דעם מענטש פון גלייכן וועג און פירן צו זינד, ווייל אָן פּרנסה קען קיין תורה ניט זיין. ער וועט זיין אין נויט און מוזן אַריינלאָזן זיך אויף זינדיקע וועגן.

די משנה פאַרענדיקט זיך מיט אַ ראָט צו אידישע מנהיגים אין ווענעמענס הענט עס ליגן די אינטערעסן פון כלל, דאָס זיי זאָלן אָנגיין מיט זייער אַרבעט פאַר דעם ציבור מיט ערנסטקייט אָן פּערזענלעכע מחשבות, ווייל בלויז דאַן וועלן זייערע אונטערנעמונגען זיין דערפאָלגרייך. דאָס איז דער וועג פון די אבות פון אידישן פאָלק און זייער זכות וועט העלפן. ווען אפילו דער דערפאָלג איז קליין און די רעזולטאַטן זיינען ניט צופרידנשטעלנדיק, ווערן די ערלעכע כוונות און ערנסטע אַרבעט פון די כלל טוער פאַררעכנט ווי זיי וואָלטן דערגרייכט די אויפגאַבן אין פולן זין. דער רמב״ם דערקלערט דעם אויסדרוק, אַז אויב די פירער איבער זייער אַרבעט פאַרן כלל האָבן ניט געקענט טון אַן אַנדערע וויכטיקע מצוה, ווערט פאַררעכנט דאָס זיי האָבן מקיים געווען אויך די מצוה און וועלן פאַר איר באַקומען שכר פונקט ווי זיי וואָלטן זי דורכגעפירט.

## ג. הוו זהירין ברשות, שאין מקרבין לו לאדם אלא לצורך עצמן. נראין כאוהבין בשעת הנאתן, ואין עומדין לו לאדם בשעת דחקו.

זייט פאָרזיכטיק מיט פּאָליטישע פירער, ווייל זיי זיינען פריינטלעך נאָר פאַר זייער פּערזענלעך נוצן און העלפן ניט אין נויט.

רבן גמליאל וואָרנט צו זיין פאָרזיכטיק מיט רעגירונגס־פירער. ווען זיי נויטיקן זיך אין שטיצע פון מענטשן זאָגן זיי אַלעס צו דערמיט אַרויס צו באַקומען פון פאָלק וואָס זיי דאַרפן. שפּעטער ווען זיי האָבן דערגרייכט זייער אַמביציע, פאַרגעסן זיי אַלע הבטחות און רירן זיך ניט פון פלאַץ צו העלפן יענעם וואָס האָט זיי געשטיצט. עס איז מערקווירדיק, אַז די ווערטער פון רבן גמליאל אַ סך הונ־דערטער יאָרן צוריק, זיינען אויך גוט צו געדענקען אין דעמאָקראַ־טישע לענדער אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

## ד. הוא היה אומר: עשה רצונו כרצונך, כדי שיעשה רצונך כרצונו. בטל רצונך מפני רצונו, כדי שיבטל רצון אחרים מפני רצונך.

ער פלעגט זאָגן: מאַך זיין חילן ווי עס וואָלט געווען דיין ווילן, כדי ער זאָל מאַכן דיין חילן ווי זיינער. זיי מבטל דיין חילן פאַר זיין ווילן און ער וועט צושטערן פאַרלאַנג פון אַנדערע פאַר דיין ווילן.

רבן גמליאל זאָגט: אַ מענטש זאָל אַזוי פאָרמירן זיין לעבן, אַז זיין ווילן זאָל זיין אין אַ וועג, אַז ס'זאָל זיין פאַר אים איינגענומען צו טון נאָבעלע זאַכן. דעמאָלט וועט ממילא זיין אַז גאָט'ס פאַרלאַנג איז אויך זיינער. צו דעם ווערט צוגעגעבן דער שכר, אַז אויך דאָס וואָס ער פאַרלאַנגט וועט אויך זיין גאָט'ס רצון. עס פּאַסירט אַמאָל ווען אַ גוטע טאַט שטויסט זיך אָן מיט שאָדן פאַר אים און עס איז שווער צו טון די מצוה, דאַן דאַרף דער מענטש געדענקען, אַז עס איז נויטיק צו פאַרקוקן אייגענע פּערזענלעכע אינטערעסן און דורכ־פירן גאָט'ס ווילן, ווייל עס וועט קומען אַ צייט ווען זיין פאַרלאַנג וועט זיין שעדלעך פאַר אַנדערע, אָבער אַלס אַ נאָבעלער מענטש וועלן זיינע אינטערעסן איבערוועגן די פאַרלאַנגען פון אַנדערע.

איניקע מפרשים טייטשן אויס „רצון אחרים" מיינט גאָט'ס ווילן. נאָבעלע מענטשן האָבן אַ כוח וואָס זיי קענען מבטל זיין גאָט'ס רצון ווי באַוווסט: דער בורא עולם איז גוזר און דער צדיק איז מבטל.

**ה. הלל אומר: אל תפרוש מן הצבור, ואל תאמין בעצמך עד יום מותך, ואל תדין את חברך עד שתגיע למקומו, ואל תאמר דבר שאי אפשר לשמוע שסופו להשמע, ואל תאמר לכשאפנה אשנה שמא לא תפנה.**

הלל זאָגט: זאָלסט זיך ניט אָפּשיידן פון דעם עולם און זאָלסט ניט גלויבן אין זיך ביז דיין טאָג פון טויט. דו זאָלסט ניט דן זיין דיין חבר ביז דו ביזט אויף זיין אָרט, און זאָלסט ניט זאָגן קיין זאַך וואָס מ׳קען איצט ניט פאַרשטיין, דענקנדיק, אַז שפּעטער וועט מען עס פאַרשטיין, און זאָלסט ניט זאָגן, ווען איך וועל האָבן צייט וועל איך לערנען, טאָמער וועסטו קיינמאָל ניט האָבן די געלעגנהייט.

הלל הנשיא׳ס ווערטער ווערן געבראַכט אין ערשטן פּרק, אָבער כדי איבערצוגעבן די ווערטער פון הלל׳ס קינדער און אייניקלעך וועלכע זיינען אויך ווי ער געווען נשיאים פון סנהדרין, זיינען הלל׳ס ווערטער איבערגעריסן געוואָרן. אין דער דאָזיקער משנה הויבט זיך נאָך אַמאָל אָן אַ צאָל ווונדערבאַרע געדאַנקען אין הלל׳ס נאָמען:

א. טייל זיך ניט אָפּ פון ציבור. יעדער איד זאָל זיך פילן, אַז ער איז אַ מיטגליד פון כלל ישראל, זיך פרייען מיטן כלל און ליידן ווען עס קומט אַ צרה אויף אידן, מתפלל זיין בציבור און נעמען אַן אָנטייל אין דער נויטיקער הילף, אפילו ווען ער פערזענלעך איז ניט פאַרמישט און וועט ניט ליידן. פאָלגנדיקע היסטאָרישע פאַקטן קענען דינען אַלסביישפּיל פון מסירת נפש פאַר אידן:

ווען אידן אין דער מדבר זיינען געווען אין אַן עת צרה, אין אַ סכנה צו ווערן פאַרטיליקט, אַלס שטראָף פאַר דעם עגל הזהב, האָט משה רבנו דערקלערט נאָך דעם ווען ער האָט ניט געקענט פועלן ביי גאָט צו פאַרגעבן און געזאָגט: „מחני נא מספרך״. מעק מיך אויס פון דיין בוך. ער האָט זיך אַנטזאָגט אָנצונעמען אַ פאָרשלאַג, אַז פון אים וועט זיך אַנטוויקלען אַ גרויס אידיש פאָלק, און ער האָט געגעבן אַן אולטימאַטום: פאַרגיב זיי אָדער איך וועל פאַלן מיט זיי. משה האָט אויסגעפירט און באַקומען די באַרימטע דעקלאַראַציע: „סלחתי כדבריך״...

ווען אידן זיינען געווען אין אַ גרויסער סכנה פאַרניכטעט צו ווערן דורך המן הרשע, האָט אסתר המלכה ריזיקירט מיט איר לעבן צו ראַטעווען איר פאָלק און זיך ניט צוריקגעצויגן טראַץ דעם וואָס אַלס מלכה, וואָלט זי וואַרשיינלעך געבליבן לעבן.

ווען אידן האָבן געמוזט איבערלאָזן זייערע היימען און פאַר־מעגנס אין דער צייט פון גירוש שפּאַניען האָבן באַרימטע אידישע פּערזענלעכקייטן ווי דון יצחק אברבנאל איבערגעלאָזט זייערע פאַר־מעגנס און הויכע קאַריערעס און זיך אָנגעשלאָסן מיט זייערע ברידער און שוועסטער און געוואַנדערט איבער דער וועלט.

ווען אונדזערע ברידער און שוועסטער זיינען אומגעקומען אין די גאַז־אויוונס דורך די נאַצי רשעים ימח שמם, האָבן אַ סך רבנים און לאַיאַלע אידישע פירער, וועלכע האָבן זיך געקענט ראַטעווען באַשלאָסן צו בלייבן מיט זייערע קהילות און צוזאַמען מיט זיי אומ־געקומען.

ב. גלויב ניט אין זיך ביז דיין ענדע פון לעבן. דאָס איז אַ וואָרענונג צו מענטשן ניט צו זיין זיכער מיט זיך אפילו ווען ער איז עלטער און האָט דערגרייכט אַ הויכע מדרגה און אַ רעפּוטאַציע פון אַ בכבודיקן מענטש. די געשיכטע ווייזט אָן פאַקטן, אַז באַרימטע פּערזענלעכקייטן האָבן אויף דער עלטער געענדערט זייער לעבנס־וועג און האָבן פאַרענדיקט זייער לעבן אַלס זינדער. דאָס האָט פּאַ־סירט מיט דעם קלוגסטן מענטש — שלמה המלך — וועלכע איז באַגאַנגען אַ טעות און ער האָט אויף דער עלטער איבערגענומען די זיטן פון געצן־דינער. הלל ראָט דערמיט אויסצומיידן אַ קאַטאַסטראָ־פע, איז נויטיק צו זיין פאָרזיכטיק און זיך היטן פון שלעכטע וועגן ביז דעם לעצטן טאָג.

ג. ווען מען זעט אַ מענטש באַגיין אַ זינד, זאָל מען אים ניט שנעל באַשולדיקן, ווייל עס קען זיין דאָס אַנדערע אונטער די זעלבע אומשטענדן וואָלטן אויך אַזוי געהאַנדלט. אַ חסידישער רבי האָט געזאָגט, אַז דער אויסדרוק: „עד שתגיע למקומו", מיינט אויף גאָט'ס פּלאַץ. בלויז דער וועלט־באַשעפער ווייסט די געפילן און אומשטענדן פון מענטשן.

ד. אַ מענטש זאָל רעדן קלאָר מען זאָל אים באַלד דייטלעך פאַרשטיין. אַ צווייטע אויסטייטשונג פון די ווערטער איז: אַ מענטש

זאָל ניט טראַכטן, אַז אַזוי לאַנג ווי קיינער הערט ניט קען ער דער־ציילן אַ וויכטיקן סוד צו זיין נאָענטן פריינט, ווייל ווענט האָבן אויערן און דער סוד וועט אַרויסקומען אין דער עפנטלעכקייט.

ה. הלל שטרייכט נאָך אַמאָל אונטער אין פשוטע קלאָרע ווער־טער: זאָלסט ניט זאָגן, ווען איך וועל פּאַרטיק ווערן מיט מיין אַרבעט וועל איך לערנען, ווייל עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז אַזאַ צייט וועט קיינמאָל נישט קומען. הלל האָט דאָס אויסגעדרוקט אין אַ פריערדיקער משנה: „אם לא עכשו אימתי", אויב ניט איצט ווען? דאָס איז נאָך אַמאָל אַ קלוגע וואָרענונג צו לערנען און טון גוטיקע זאַכן באַלד, ווייל עס קען ווערן צו שפּעט.

## ו. הוא היה אומר: אין בור ירא חטא, ולא עם הארץ חסיד, ולא הבישן למד, ולא הקפדן מלמד, ולא כל המרבה בסחורה מחכים ובמקום שאין אנשים השתדל להיות איש.

ער פלעגט זאָגן: אַ ליידיקער מענטש, אָן תורה און אָן מדות קען ניט מורא האָבן פאַר זינד און עם הארץ קען ניט זיין אַן ערהאַבענער מענטש, דער וואָס שעמט זיך וועט ניט קענען לערנען, און אַ בייזער קען ניט אויסלערנען און ניט דער וואָס האַנדלט אַ סך קען ווערן קלוג און דאָרט וווּ עס איז ניטאָ קיין אַנדערע מענטשן צו פירן זאָלסטו זיין דער מענטש.

הלל הנשיא ברענגט אַרויס אין דער דאָזיקער משנה אויף זיין קלאָרן אופן שאַרפזיניקע געדאַנקען וועגן פאַרשידענע מענטשלעכע טיפּן בנוגע לערנען און מעשים טובים. דער רמב"ם דערקלערט דעם אונטערשייד פון די צוויי טיפּן — בור און עם הארץ: בור איז אַ פּערזאָן וואָס האָט ניט קיין תורה און איז אויך אויסגעליידיקט פון מענטשלעכע מידות. ער קען דאַרום ניט פאַרשטיין דעם אומרעכט פון זינד, ווייל זיין מוח קען ניט משיג זיין און זיין האַרץ קען ניט פילן די פאַרדאַרבנקייט פון שלעכטע מעשים. דער עם הארץ, טראָץ דעם וואָס ער האָט ניט געלערנט, קען ער זיין פון דער נאַטור אַ מאָראַלישער מענטש אין זיינע האַנדלונגען מיט מענטשן. ער וועט

אַוועק שטיין פון באַגיין אַ פאַרברעכן, אָבער זייענדיק אומוויסנד און ניט באַהאָוונט אין ענינים פון תורה, איז ער ניט בכוח זיך צו דערהויבן צו אַ הויכער מדרגה פון אַ חסיד און זיך אויפפירן לויט די שיינע מידות פון די איידעלע מענטשן.

דער שעמעוודיקער קען ניט זיין קיין לערנער. שעמעוודיקייט אין טאָג־טעגלעכן לעבן איז ביי אידן אַ מעלה. דער אויסדרוק: אידן זיינען בישנים איז געזאָגט געוואָרן אַלס אַ שבח. אָבער ווען עס קומט צו לערנען, ווען אַ תלמיד שעמט זיך צו פרעגן שטעלן, וועלכע זיינען אים ניט קלאָר, איז דאָס אַ גרויסער חסרון, ווייל ווען ער פרעגט ניט וועט ער פאַרבלייבן אומוויסנד און ניט דערגרייכן פול־קאָמענהייט אין לערנען.

ווען דער רבי איז אַן אויפגערעגטער און אומגעדולדיק וועט ער ניט האָבן קיין הצלחה מיט זיין לערנען, ווייל זיינע תלמידים וויסנדיק אַז ער בייזערט זיך ווען מ׳פרעגט אים, וועלן מורא האָבן איבערצופרעגן און וועלן פאַרבלייבן אומוויסנד.

דער יעניקער וואָס גיט אַוועק אַ סך צייט פאַר מסחר קען ניט ווערן קלוג. עס איז אַ טעות צו דענקען, אַז גרויסע סוחרים וואָס פירן גרויסע געשעפטן ווערן קלוג אַדאַנק זייער דערפאַרונג אין מסחר. חכמה קומט פון קאָמבינאַציע פון ביידע: האַנדל און תורה לערנען. די משנה פאַרענדיקט מיט דער עצה, אַז ווען עס איז ניטאָ עמיצער וואָס קען פירן אין כלל אַרבעט איז אַ פליכט זיך אַוועק־שטעלן אין דער שפיץ, ווייל דאַן איז ניט די צייט פון קליין האַלטן זיך.

## ז. אף הוא ראה גלגלת אחת שצפה על פני המים אמר לה: על דאטפת אטפוך, וסוף מטיפיך יטופון.

ער האָט אויך געזען אַ קאָפּ פון אַ מענטש וואָס האָט געשווימען אויף דער פלאַך פון וואַסער, האָט ער געזאָגט צום קאָפּ: דערפאַר ווייל דו האָסט אַנדערע דערטרונקען, האָט מען דיך דערטרונקען, און דער סוף וועט זיין, די וועלכע האָבן דיך דערטרונקען וועלן אויך דערטרונקען ווערן.

דער אינצידענט וואָס ווערט דאָ פאַרצייכנט מאַכט אַ שווערן איינדרוק. עס ברענגט אַרויס אַ מערקווירדיקן היסטאָרישן פאַקט, אַז רשעות און פאַרברעכנס קעגן מענטשן, איינצלנע אָדער גרופּן, גייען ניט אָן לאַנג אומבאַשטראָפט. די שטראָף פון דור המבול, די מכות פון די מצריים זיינען אַלעמען באַקאַנט. אויך דער ביטערער סוף פון המן הרשע, וואָס האָט געפּלאַנעוועט אומצוברענגען אַלע אידן פון פּרס ומדי, באַשטעטיקט דעם פאַקט, אַז דער רשע באַקומט זיין שטראָף. די טרויעריקע אידישע געשיכטע דערציילט וועגן רשעים פון יעדן דור און יעדן לאַנד וואָס האָבן שלעכטס געטון אידן ביז היינטיקער צייט. ווען היטלער, ימח שמו, דער ערגסטער צורר היהודים און זיינע נאַציס, ימח שמם, האָבן אומגעבראַכט מיליאָנען אומשולדיקע מענער, פרויען און קינדער, דער סוף איז געווען, אַז זיי האָבן באַצאָלט מיט זייער לעבן פאַר זייערע פאַרברעכנס. זיי האָבן אַ צייט געהערשט אָבער די שטראָף איז געקומען. אויך אין נאָרמאַלע פרידלעכע צייטן אין דעמאָקראַטישע געזעץ־ליבנדע לענדער און פעלקער עקזיסטירן פאַרברעכערישע גענגס פון דער אונטערוועלט, וועלכע רויבן און מאָרדן אומשולדיקע מענטשן, אָבער אויך זיי באַקומען זייער שטראָף אויף אַ געזעצלעכן וועג. אָבער גאַנץ אָפט אַנטוויקלט זיך צווישן זיי אַליין אַ שרעקלעכער קאַמף, ווען זיי קענען זיך ניט איינטיילן מיט זייער מאַכט און רויב. ווען דער קריג פון שנאה און קנאה ווערט שטאַרק, מאָרדן זיי איינער דעם צווייטן. עס איז מערקווירדיק, ווי די ווערטער פון הלל פּאַסן זיך צו די מעשים: ווייל דו האָסט געמאָרדעט אַנדערע האָבן דיך דיינע אייגענע חברים געמאָרדעט און צום שלוס וועלן זיי געמאָרדעט ווערן דורכן געזעץ אָדער פון אַנדערע גענגסטער.

עס איז שווער צו פאַרשטיין ווי עס קומט צו הלל, דעם איידעלן גוט־האַרציקן מענטש, צו זאָגן אַזעלכע שאַרפע ווערטער, און דערפאַר דערקלערט מען אַז דאָס זיינען ניט זיינע אייגענע ווערטער, נאָר אַ פאָלקס־שפּרוך. אַזוי ווערט אויך פאַרענטפערט די פראַגע, פאַרוואָס די משנה באַנוצט זיך ניט מיט דער העברעאישער שפּראַך, נאָר מיט אַראַמעאיש, וועלכע איז אין הלל׳ס צייט געווען די שפּראַך פון די מאַסן.

ח. הוא היה אומר, מרבה בשר מרבה רמה, מרבה נכסים מרבה דאגה, מרבה נשים מרבה כשפים, מרבה שפחות מרבה זמה, מרבה עבדים מרבה גזל. מרבה תורה מרבה חיים, מרבה ישיבה מרבה חכמה, מרבה עצה מרבה תבונה, מרבה צדקה מרבה שלום. קנה שם טוב קנה לעצמו, קנה דברי תורה קנה לו חיי עלם הבא.

ער פלעגט זאָגן: מער פלייש פון עסן, מער ווערים. מער פאַרמעגן, מער זאָרג. מער ווייבער, מער כשוף. מער דינסטן, מער אויסגעלאַסנקייט. מער קנעכט, מער רויב. מער תורה, מער לעבן. מער זיצונג פאַר לערנען, מער חכמה. מער באַראָטונג, מער פאַרשטאַנד. מער צדקה, מער שלום. ווער עס באַקומט אַ גוטן נאָמען האָט ער זיך איינגעהאַנדלט פאַר זיך אַליין. ווער עס האָט באַקומען תורה האָט זיך געקויפט דאָס אייביקע לעבן.

הלל מאָלט אַ בילד פון לעבן אויף זיין כאַראַקטעריסטישן וועג, וואָס מאַכט מענטשן טראַכטן וואָס דער צוועק פון לעבן איז. ער שטעלט אַוועק צוויי וועגן — איינער אַ פּראָזאַאישער, וואָס רייסט זיך צו אַ לעבן פון אומבאַגרענעצטע פאַרגעניגנס און דער צווייטער, אַ גייסטיקער און אַ נאָבעלער. דער פּראָזאַאישער וועג, ווען מען גייט איבער דערנאָרמאַלער מאָס איז שעדלעך. דער גייסטיקער איז וואָס מער אַלץ בעסער.

הלל דערקלערט דאָס אויף פאָלגנדיקן קורצן אופן: אַ סך פלייש, אַ סך ווערים. ווען אַ מענטש עסט צופיל, ווערט ער ניט געזונטער נאָר פעטער, און די ווערים אין קבר מערן זיך.

אַ סך פאַרמעגן אַ סך זאָרג. ווען אַ מענטש קלייבט אָן אַ סך געלט, מאַכט גרויסע געשעפטן און פאַרשפּרייט זיין קאַפּיטאַל אין פאַרשיידענע מסחרים, ווערט זיין פאַרגעניגן פאַרשטערט פון זאָרג און אומרואיקייט, אפשר וועט ער פאַרלירן אַ טייל, אָדער דעם גאַנצן קאַפּיטאַל.

אַ סך ווייבער אַ סך כישוף. אין הלל׳ס צייט איז דערלויבט געווען צו האָבן מער ווי איין פרוי, שפּעטער האָט רבנו גרשום

געאסרט פיל ווייבעריי. הלל וואָרנט דאָס פרויען באַנוצן זיך מיט אַבערגלויבישע מעטאָדן ווען זיי זיינען ניט די איינציקע ביי זייער מאַן.

אַ סך דינסטן און באַדינער ברענגען אוממאָראַלישקייט און רויבעריי.

דער רמב״ם דערקלערט: עס זיינען פאַראַן 3 קאַטעגאָריעס וואָס שעדיקן:

1. קראַנקהייט און טויט וואָס אַלע ליידן, זייענדיק אַ קערפּער־לעכע באַשאַפונג;

2. מאָרד און מלחמות וואָס מענטשן באַגייען אויף אַנדערע.

3. שאָדן וואָס מ׳ברענגט אויף זיך דורך צופיל עסן, טרינקען און געשלעכט.

דער גוטער וועג — וואָס מער איז אַלץ בעסער: לערנען תורה, געזעלשאַפט פון חכמים, עצה האַלטן, טון צדקה, ברענגט מיט זיך אַ שיינעם לעבן, חכמה, פאַרשטאַנד און שלום. אַ גוטער נאָמען איז דער בעסטער אַרטיקל וואָס אַ מענטש קען איינהאַנדלען פאַר זיך אויף אייביק.

## ט. רבן יוחנן בן זכאי קבל מהלל ומשמאי. הוא היה אומר: אם למדת תורה הרבה, אל תחזיק טובה לעצמך כי לכך נוצרת.

רבן יוחנן בן זכאי האָט איבערגענומען, פון הלל און שמאי. ער פלעגט זאָגן, אויב דו האָסט אַ סך תורה, האַלט זיך ניט גרויס, וייל ביסט פאַר דעם באַשאַפן געוואָרן.

רבן יוחנן, אַ תלמיד פון הלל, האָט געלעבט אין אַ שטורעמ־דיקער צייט, ווען ירושלים איז געווען באַלאַגערט ביי די רוימער און דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עס איז ניטאָ קיין האָפנונג צו ראַטעווען דאָס לאַנד דורך מלחמה מיט די מעכטיקע רוימער, האָט ער אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו באַפעסטיקן די צוקונפט פון אידישן גייסט דערמיט די אידן זאָלן ניט אונטערגיין ווי אַנדערע פעלקער, וועלכע זיינען פאַרשווונדן

געוואָרן פון דער וועלט, בעת זיי זיינען באַקעמפּט געוואָרן פון שטאַרקערע פעלקער. רבן יוחנן האָט באַשלאָסן, אַז עס מוז געשאַפן ווערן אַזאַ אינסטרומענט וועלכער זאָל זיין בכוח אויפצוהאַלטן אידן אַלס אַ פאָלק, אָן אַ לאַנד אין אַלע גלות־לענדער פאַר אַלע דורות. צו דעם צוועק האָט ער געדאַרפט גרינדן אַן אַקאַדעמיע, וועלכע זאָל שאַפן אַ קאָנסטיטוציע פאַר אַ פאָלק אָן אַ לאַנד.

ער מיט זיינע תלמידים האָבן אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן. אַרויס־געלאָזט אַ קלאַנג אַז ער איז געשטאָרבן. זיינע תלמידים האָבן מיט גרויסע שוועריקייטן געפּויעלט ביי די באַשיצער פון ירושלימער פעסטונג זיי אַרויסצולאָזן מיט דעם ארון, ווו רבן יוחנן איז געלעגן און האָבן אים געבראַכט פאַר דעם רוימישן גענעראַל אַספּסינוס. רבן יוחנן האָט פון אים אַרויסבאַקומען די דערלויבעניש צו גרינדן אַ ישיבה אין יבנה. טראָץ דעם שרעקלעכן מצב אין ירושלים ווו מענטשן זיינען געפאַלן אין שלאַכט, פון הונגער און קראַנקהייטן, האָט רבן יוחנן מיט זיינע חברים און תלמידים זיך צוריקגעצויגן און האָבן פאָרמירט אַ ווערק וואָס איז געוואָרן דער פונדאַמענט פון אחדות און געדינט אַלס אַ בונד פאַר אַלע אידן אין שפּעטערדיקע דורות.

אין דער משנה זאָגט רבן יוחנן: אויב האָסט געלערנט אַ סך תורה זאָלסטו זיך ניט גרויס האַלטן ווייל פאַר דעם ביסטו באַשאַפן. דער מענטש וואָס איז באַשאַפן געוואָרן בצלם אלקים און פאַרמאָגט געטלעכע אייגנשאַפטן איז פאַרפליכטעט צו לערנען תורה און חכמה דערמיט זיך דערהויבן צו אַ הויכער מדרגה.

## י. חמשה תלמידים היו לו לרבן יוחנן בן זכאי, ואלו הן: רבי אליעזר בן הורקנוס, רבי יהושע בן חנניא, רבי יוסי הכהן, רבי שמעון בן נתנאל ורבי אלעזר בן ערך.

די פינף תלמידים וואָס ווערן דאָ דערמאָנט זיינען וואַרשיינלעך אויסגעקלי־בענע באַרימטע פערזענלעכקייטן פון הונדערטער תלמידים וואָס האָבן באַזוכט די יבנה'ער אַקאַדעמיע. זייערע ווערטער זיינען פאַרשפּרייט אין דער משנה וואָס איז דער באַזיס פון תלמוד. זיי זיינען וואַרשיינלעך געווען די יעניקע וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער קאָנספּיראַציע צו ברענגען רבן יוחנן צום רוימישן גענעראַל.

**יא. הוא היה מונה שבחם: רבי אליעזר בן הורקנוס בור סוד שאינו מאבד טפה, רבי יהושע בן חנניא אשרי יולדתו, רבי יוסי הכהן חסיד, רבי שמעון בן נתנאל ירא חטא, רבי אלעזר בן ערך כמעין המתגבר.**

ער פלעגט אויסרעכענען זייערע מעלות: רבי אליעזר בן הורקנוס איז ווי אַן אויסגעקאַלעכטער גרוב וואָס פאַרלירט ניט קיין טראָפּן. רבן יהושע בן חנניא, ווייל איז צו דער וואָס האָט אים געבוירן. רבי יוסי הכהן איז אַ חסיד, רבי שמעון בן נתנאל האָט מורא פאַר זינד, רבי אלעזר בן ערך איז ווי אַ קוואַל ווו די וואַסער לויפט שטאַרק.

רבן יוחנן האָט שטאָלצירט מיט זיינע תלמידים און זיי געלויבט פאַר זייערע אויסערגעוויינטלעכע פעאיקייטן און ערהאַבענע אויפפירונג. ער האָט יעדן פון זיי אָפּגעשאַצט און געזאָגט אַ פּאַסיקן שבח. רבי אליעזר בן הורקנוס, וועלכער האָט אָנגעהויבן זיין שטודיום שפּעט אין לעבן און זיך אַנטוויקלט אַלס איינער פון די באַרימטסטע תנאים פון דער משנה און באַקומען דעם טיטל רבי אליעזר הגדול, האָט רבן יוחנן אים פאַרגלייכט צו אַן אויסגעקאַלכטן גרוב. רבי אליעזר איז געווען געבענטשט מיט אַן אויסערגעוויינטלעכן שאַרפן זכרון. ער האָט גאָר ניט פאַרגעסן וואָס ער האָט געלערנט. אין יענער צייט ווען די ווערטער פון די גרויסע געלערנטע זיינען ניט פאַרצייכנט געוואָרן נאָר איבערגעגאַנגען פון מויל צו מויל איז געווען אַ נויטווענדיקייט צו געדענקען וואָס די תלמידי חכמים האָבן געזאָגט. רבי אליעזר מיט זיין שאַרפן זכרון האָט פיל בייגעשטייערט אין דער הינזיכט.

רבי יהושע בן חנניא איז ווי רבי אליעזר געווען באַרימט מיט זיינע מיינונגען אין דער משנה. צו דעם איז ער אויך געווען באַהאָוונט אין וועלטלעכער וויסנשאַפט און אין דיפּלאָמאַטיע. רבן יוחנן האָט אויסגעדריקט זיין באַוווּנדערונג פאַר אים אין צוויי ווערטער: אשרי יולדתו — ווייל איז צו יהושע׳ס מוטער וואָס האָט אים געבוירן. פאַראַן אַ לעגענדע, אַז רבי יהושע׳ס מוטער, ווען זי האָט מיט אים געשוואַנגערט איז אַרומגעגאַנגען אין די ישיבות און געבעטן די לערנער פאַר זייער ברכה, אַז איר קינד זאָל זיין אַ תלמיד חכם...

רבי יוסי הכהן איז געקרוינט געוואָרן ביי זיין רבי׳ן מיט דעם הויכן טיטל, חסיד, וואָס איז די העכסטע מדרגה פאַר ערהאַבענע, נאָבעלע און הייליקע אויפפירונג.

רבי שמעון׳ס טיטל איז געווען, „ירא חטא״, וואָס האָט מורא און אַנטלויפט פון זינד. אַלס גרויסער געלערנטער און ערהאַבענער מענטש האָט ער פאַר זיך אויסגעקליבן דעם וועג פון יראת חטא וואָס האָט אים אָפּגעהיט פון זינד.

רבי אלעזר בן ערך האָט רבן יוחנן פאַרגלייכט צו אַ לעבעדיקן ברויזנדיקן קוואַל, וועמענס וואַסער פליסט מיט שטורעם און אימפּעט. רבי אלעזר׳ס מוח האָט געברויזט מיט שאַרפקייט צו שאַפן נייע גע־דאַנקען און חידושי תורה.

יב: הוא היה אומר: אם יהיו כל חכמי ישראל בכף מאזנים ואליעזר בן הורקנוס בכף שניה, מכריע את כלם. אבא שאול אומר משמו: אם יהיו כל חכמי ישראל בכף מאזנים ואליעזר בן הורקנוס אף עמהם ואלעזר בן ערך בכף שניה, מכריע את כלם.

ער פלעגט זאָגן: ווען אַלע ישראל חכמים וואָלטן געווען אין איין וואָגשאָל און אליעזר בן הורקנוס אין דער צווייטער וואָגשאָל וואָלט ער זיי איבערגעוויגן. אבא שאול זאָגט אין נאָמען פון רבן יוחנן: ווען אַלע ישראל חכמים, אַריינ־רעכענענדיק רבי אליעזר בן הורקנוס וואָלטן געווען אין איין וואָגשאָל און רבי אלעזר בן ערך אין דער צווייטער וואָגשאָל וואָלט ער זיי איבערגעוויגן.

רבן יוחנן בן זכאי אין זיין באַגייסטערונג פאַר זיינע באַרימטע תלמידים רעדט זיך אויס, אַז רבי אליעזר בן הורקנוס וועגט איבער אַלע אידישע חכמים צוזאַמענגענומען. אבא שאול זאָגט, אַז רבן יוחנן האָט געזאָגט, אַז רבי אלעזר בן ערך וועגט איבער אַלע אידישע חכמים מיט רבי אליעזר אַריינגערעכנט. די מפרשים דערקלערן, אַז ביידע אויסדריקן קומען פון רבן יוחנן: פאַר בקיאות איז אליעזר בן הורקנוס גרעסער פון אַלע פאַר זיין שאַרפן זכרון. רבי אלעזר בן ערך ווערלכער האָט ניט באַזיצט אליעזר׳ס זכרון איז אָבער דער גרעסטער פאַר שאַרפקייט אין שאַפן נייע געדאַנקען און פּלפּול.

אין קריטישע צייטן ווען עס איז אַ סכנה אַז תורה וועט פאַר־געסן ווערן איז אַ שאַרפער זכרון זייער וויכטיק, אָבער אין נאָרמאַלע צייטן ווען תורה ווערט געלערנט, איז אַ שאַרפער מוח פאַר שאַפן נייע געדאַנקען אַ ברכה פאַר תורה לערנען.

## יג. אמר להם: צאו וראו איזו היא דרך טובה שידבק בה האדם. רבי אליעזר אומר: עין טובה, רבי יהושע אומר: חבר טוב, רבי יוסי אומר: שכן טוב, רבי שמעון אומר: הרואה את הנולד, רבי אלעזר אומר: לב טוב. אמר להם, רואה אני את דברי אלעזר בן ערך מדבריכם, שבכלל דבריו דבריכם.

ער האָט צו זיי געזאָגט: גייט און געפינט אויס װאָס איז דער ריכטיקער װעג אין װעלכן אַ מענטש זאָל זיך באַהעפטן. רבי אליעזר זאָגט: אַ גוט אויג. רבי יהושע זאָגט: אַ גוטער חבר. רבי יוסי זאָגט: אַ גוטער שכן. רבי שמעון זאָגט: דאָס זען פאָרויס וואָס עס וועט פּאַסירן. רבי אלעזר זאָגט: אַ גוט האַרץ. האָט רבן יוחנן צו זיי געזאָגט: מיר געפעלט די רייד פון אלעזר בן ערך פון אייערע װערטער, װייל אין זיינע רייד זיינען פאַראַן אויך אייערע װערטער.

דער אויסדרוק „גייט אַרויס און זעט" ווערט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט אונטערגעשטראָכן אַז פון ספרים אַליין קען אַ מענטש ניט אויסגעפונען דעם ריכטיקן וועג. מען מוז זיך באַגעגענען מיט מענטשן און באַקומען דערפאַרונג דערמיט צו געפינען דעם דרך הישר. די פראַגע איז געווען, וועלכער איז דער פּרינציפּ וואָס אַ מענטש זאָל פאַר זיך אַוועקשטעלן.

רבי אליעזר זאָגט: אַ גוט אויג. צו זיין צופרידן מיטן אייגענעם מצב און פאַרגינען אַלעמען זייער רייכטום און גליק.

רבי יהושע זאָגט, צו באַקומען אַ גוטן חבר, דערמיט ער זאָל זיך קענען אָפּלערנען שיינע מידות.

רבי יוסי זאָגט: אַ גוטער שכן מיט וועמען מ'וווינט צוזאַמען און בעאָבאַכטעט גוטע אויפפירונג, און מען פאָלגט נאָך די מעשים.

רבי שמעון זאָגט: „הרואה את הנולד״, צו האָבן אַ ווייטן בליק אויסצורעכענען וואָס די רעזולטאַטן וועלן זיין. דאָס וועט פאַרהיטן מענטשן פון באַגיין שלעכטע מעשים, וועלכע ער וועט שפּעטער באַדויערן.

רבי אלעזר זאָגט: אַ גוט האַרץ. דער מדרש זאָגט, אַז דער צענטער פון אַלעס איז דאָס האַרץ: זען, הערן, רעדן, פרייען זיך, טרויערן, ליבן, האַסן, רחמנות האָבן — אַלעס קומט פון האַרץ.

רבן יוחנן בן זכאי האָט דערקלערט, אַז אים געפעלט די מיינונג פון אלעזר בן ערך: אַ גוט האַרץ, ווייל דאָס האַרץ שליסט איין אַלעס, און דערפאַר זיינען די אַלע מיינונגען וואָס אַלע האָבן געגעבן, איינגעשלאָסן אין די ווערטער פון אלעזר בן ערך.

יד. אמר להם: צאו וראו איזו היא דרך רעה שיתרחק ממנה האדם. רבי אליעזר אומר: עין רעה. רבי יוסי אומר: שכן רע. רבי שמעון אומר: הלוה ואינו משלם, אחד הלוה מן האדם כלוה מן המקום, שנאמר: לוה רשע ולא ישלם, וצדיק חונן ונותן. רבי אלעזר אומר, לב רע. אמר להם: רואה אני את דברי אלעזר בן ערך מדבריכם שבכלל דבריו דבריכם.

ער האָט צו זיי געזאָגט: וועלכער איז אַ שלעכטער וועג וואָס אַ מענטש זאָל זיך דערווייטערן. רבי אליעזר זאָגט: אַ שלעכט אויג. רבי יהושע זאָגט: אַ שלעכטער חבר. רבי יוסי זאָגט: אַ שלעכטער שכן. רבי שמעון זאָגט: דער וואָס באָרגט און באַצאָלט ניט, ווער עס באָרגט פון אַ מענטש איז ווי ער באָרגט פון גאָט, ווי ס׳ווערט געזאָגט: דער רשע באָרגט און באַצאָלט ניט אָבער דער צדיק איז נאָבל און באַצאָלט. רבי אלעזר זאָגט: אַ שלעכט האַרץ. האָט רבן יוחנן בן זכאי צו זיי געזאָגט: מיר געפילט די רייד פון אלעזר בן ערך פון אייערע רייד, ווייל אין זיינע ווערטער זיינען איינגעשלאָסן אייערע רייד.

אַלע ענטפערס פון רבן יוחנן׳ס תלמידים אויף זיין פראַגע: וועלכער איז דער שלעכטער וועג פון וועלכן אַ מענטש זאָל זיך

דערוויטערן, זיינען, ווי מ׳קען דערוואַרטן פונקט דער היפך פון גוטן וועג פון דער פריערדיקער משנה. רבי אליעזר וואָס האָט פריער געזאָגט: אַ גוט אויג, זאָגט איצט אַ שלעכט אויג, וואָס איז אומצופרידן מיטן אייגענעם מצב, פאַרגינט ניט אַ צווייטן זיין רייכטום און גליק און איז קאַרג צו געבן צדקה. רבי יהושע, וואָס האָט פריער געזגט אַ גוטער חבר, זאָגט איצט אַ שלעכטער חבר, וועלכער קען אַראָפּפירן פון דרך הישר. רבי יוסי זאָגט איצט אַ שלעכטער שכן, וועלכער קען מיט זיינע שלעכטע אויפפירונג באַאיינפלוסן צום שלעכטן און ברענגען שטראָף אויף זיך. רבי שמעון איז דער איינציקער, וואָס האָט אויבערפלעכלעך אַריינגעבראַכט אַ נייעם געדאַנק. פאַר דעם גוטן וועג האָט ער געראָטן צו האָבן אַ שאַרפן בליק און אויסרעכענען וואָס עס קען זיין און פאַר דעם שלעכטן וועג האָט ער אָנגעדייטעט — צו באָרגן און ניט צוריקצאָלן. די מפרשים דערקלערן, אַז אויך רבי שמעון׳ס ענטפער איז אייגנטלעך דער היפך פון „הרואה את הנולד״, ווייל דער וואָס רעכנט ניט אויס ווען ער באָרגט געלט און ווייסט ניט ווען ער וועט קענען צוריקצאָלן וועט פאַרלירן זיין גוטן נאָמען און מענטשן וועלן אים ניט באָרגן. רבי אלעזר, ווי מען קען דערוואַרטן זאָגט, אַ שלעכטע האַרץ, וואָס איז ווי געזאָגט, דער צענטער פון אַלע געפילן און מעשים. רבי יוחנן האָט נאָכאַמאָל אויסגעדריקט באַוווּנדערונג פאַר רבי אלעזר׳ס ענטפער, דערקלערנדיק, אַז אַלע אַנדערע ענטפערס זיינען איינגעשלאָסן אין די ווערטער פון רבי אלעזר.

טו. הם אמרו שלשה דברים: רבי אליעזר אומר: יהי כבוד חברך חביב עליך כשלך, ואל תהי נוח לכעוס, ושוב יום אחד לפני מיתתך, והוי מתחמם כנגד אורן של חכמים, והוי זהיר בגחלתן שלא תכוה, שנשיכתן נשיכת שועל, ועקיצתן עקיצת עקרב, ולחישתן לחישת שרף, וכל דבריהם כגחלי אש.

זיי האָבן געזאָגט דריי זאַכן. רבי אליעזר זאָגט: זאָל דער כבוד פון דיין חבר זיין אַזוי באַליבט ווי דיין אייגענער. און זאָלסט ניט זיין לייכט צו ווערן

בייז, און טו תשובה אַ טאָג פאַר דיין טויט, און דו זאָלסט זיך וואַרעמען קעגן די ליכט פון חכמים, אָבער זיי געוואָרנט אין זייערע קוילן זאָלסט זיך ניט אָפּבריען, ווייל זייער בייסן איז ווי פון אַ פוקס, זייער שטעכן איז ווי פון אַן עקדיש און זייער שפרונג איז ווי פון אַ ברענענדיקן שלאַנג און זייערע רייד ווי ברענענדיקע קוילן.

יעדער פון רבן יוחנן'ס תלמידים האָט געזאָגט דריי זאַכן: רבי אליעזר האָט געראָטן פאָלגנדיקע עצות: זיי פאָרזיכטיק מיט דעם כבוד פון אַ צווייטן. מענטשן ווערן אָפט אַריינגעשלעפּט אין געשפּרעכן, וועלכע פירן צו גרינגשעצונג פון אַנדערע. ער וואָרנט זיך ניט צו באַטייליקן אין אַזעלכע געשפּרעכן. ער זאָל זיך באַמיען אָפּצוהיטן דעם אַנדערענס כבוד פונקט ווי זיין אייגענעם. דאָס שטימט מיט הלל'ס אויסדרוק צום געצנדינער דאָס דער פונדאַמענט פון דער תורה איז: וואָס דו האָסט טו ניט אַ צווייטן..

ווער ניט שנעל אין כעס. אַ מענטש זאָל אין זיך אַנטוויקלען אַ געוווינהייט פון געדולד און רואיקייט און ניט ווערן באַלד אויפגעּרעגט, ווייל ווען אַ מענטש פאַרלירט זיין געדולד, פאַרלירט ער אויך זיין גלייכגעוויכט. ער וועט דאַן זאָגן און טון זאַכן וועלכע ער וועט זיכער שפּעטער באַדויערן.

ווען אַ מענטש באַגייט אַן עוולה קעגן גאָט אָדער זיינע מיט־מענטשן, זאָל ער היינט, באַלד תשובה טון און גוט מאַכן די אומ־רעכט און ניט אָפּלייגן אויף שפּעטער, ווייל אַ בשר ודם ווייסט ניט ווען זיין ענדע וועט קומען. עס קען ווערן צו שפּעט גוט צו מאַכן די עוולה. רבי אליעזר האָט געהאַט פיל דערפאַרונג אין זיין האַנד־לונג מיט זיינע באַרימטע חברים מיט וועמען ער האָט גאַנץ אָפט ניט איינגעשטימט אין ענינים פון געזעץ און איז פאַר זיין עקשנות און שטייפקייט באַשטראָפט געוואָרן פון די געלערנטע, ווען זייער געדולד האָט געפּלאַצט און האָבן אים באַזייטיקט פון זייער געזעל־שאַפט. ער פאַרענדיקט די משנה מיט אַ וואָרענונג, זאָגנדיק, אַז עס איז גוט זיך צו וואַרעמען ביים פייער פון די חכמים, אָבער מ'מוז זיין זייער פאָרזיכטיק ניט אָפּבריען זיך פון זייער פייער אָדער ווערן געביסן פון זייער צאָרן און ווערן פאַרגיפטעט פון זייער כעס. ער

וואָרנט אַלעמען ניט צו באַליידיקן און דערצערענען תלמידי חכמים ווייל זייערע ווערטער זיינען ווי פייערדיקע קוילן.

טז. רבי יהושע אומר: עין הרע ויצר הרע ושנאת הבריות מוציאין את האדם מן העולם.

רבי יהושע זאָגט: אַ שלעכט אויג און שלעכטע געדאַנקען פון יצר הרע און אומזיסטע שנאה נעמען אַוועק דעם מענטש פון דער וועלט.

רבי יהושע וואָרנט מיט שאַרפע ווערטער קעגן פאָלגנדיקע שלעכטע אייגנשאַפטן: אַ שלעכט אויג, ניט זיין צופרידן מיטן אייגענעם מצב און ניט פאַרגינען אַ צווייטן זיין רייכטום, גליק און כבוד. יצר הרע — ווען אַ מענטש ווערט אַ שקלאַף צו זיינע נידעריקע תאוות און אינסטינקטן. אונדזערע חכמים זאָגן, אַז אַ מענטש ווערט געבוירן מיט אַ יצר הרע וואָס וואַקסט יעדן טאָג און באַקומט דערפאַרונג. דער יצר טוב קומט ערשט צום דרייצנטן יאָר פריש ניי אָן דערפאַרונג. דער העלדישער מענטש העלפט דעם יצר טוב צו באַקעמפן די נייגונגען פון יצר הרע, ווי די משנה אין אבות דריקט זיך אויס: „איזהו גבור הכובש את יצרו״, ווער איז אַ גבור, דער וואָס באַקעמפט דעם יצר הרע.

„שנאת הבריות״, האַסן מענטשן וואָס זיינען באַשאַפן געוואָרן אין גאָט׳ס פאָרם. הרב קוק זצ״ל האָט אויסגעטייטשט דעם אויסדרוק: „אהבת חנם״, מען זאָל ליב האָבן מענטשן אומזוסט, אפילו ווען זיי פאַרדינען עס ניט. דער באַרימטער ירושלימער שריפטשטעלער עגנון טייטשט אויס: „וראה בטוב ירושלים״, זע בלויז די גוטע זייט אין ירושלים, זוך ניט קיין חטאים. די דריי שלעכטע מידות, זאָגט רבי יהושע, פאַרטרייבן אַ מענטש פון געזעלשאַפט און פאַרקירצן זיין לעבן.

יז. רבי יוסי אומר: יהי ממון חברך חביב עליך כשלך, והתקן עצמוך ללמד שאינה ירשה לך, וכל מעשיך יהיו לשם שמים.

רבי יוסי זאָגט: זאָל דיין חבר׳ס געלט זיין ביי דיר באַליבט װי דיין אייגענע און זאָלסט זיך צוגרייטן צו לערנען תורה, װייל דאָס קומט ניט בירושה, און אַלץ װאָס דו טוסט זאָל זיין פון גאָט׳ס װעגן.

רבי יוסי שטרייכט אונטער פאָלגנדיקע דריי זאַכן: צו זיין פאָר־זיכטיק מיט אַ צווייטנס פאַרמעגן פונקט ווי מיטן אייגענעם. ווען אַ מענטש האַנדלט, רעכנט ער אויס צו פאַרדינען און מיידט אויס אַ פאַרלוסט. די זעלבע פאָרזיכטיקייט זאָל באַנוצט ווערן מיט דעם צווייטנס געלט.

דערמיט צו דערגרייכן קענטעניש פון תורה מוז מען זיך צו־גרייטן און שווער אַרבעטן, ווייל עס קומט ניט בירושה. אפילו ווען אַ מענטש קומט פון אַ משפחה פון לערנער, זאָל ער ניט דענקען, אַז תורה וועט צו אים קומען גרינג. מען מוז שטודירן כדי צו ווערן אַ געלערנטער מענטש.

די געשיכטע ווייזט אָן, אַז אַ סך גרויסע פערזענלעכקייטן האָבן געמוזט איבערגעבן זייער פירערשאַפט צו זייערע תלמידים, ווייל זייערע קינדער זיינען ניט געווען פאָרבערייטעט.

אַלע אַקטיוויטעטן זאָלן זיין מיט ערלעכע כוונות. אַ מענטש זאָל זיך אויפפירן ערלעך אין זיינע טאָג־טעגלעכע באַשעפטיקונגען. רבי יוסי האַלט ניט, אַז מסחר איז געשעפט און עס איז אַלעס דער־לויבט. ער פרעדיקט, אַז יעדע זאַך וואָס אַ מענטש טוט זאָל זיין ראַיעל און ערלעך. איבערהויפּט איז וויכטיק פאַר כלל טוער, אַז זיי זאָלן ניט האָבן קיין פערזענלעכע אינטערעסן נאָר טון זייער אַרבעט לשם שמים.

## יח. רבי שמעון אומר: הוי זהיר בקריאת שמע ובתפלה, וכשאתה מתפלל, אל תעש תפלתך קבע אלא רחמים ותחנונים לפני המקום, שנאמר כי חנון ורחום הוא ארך אפים ורב חסד ונחם על הרעה, ואל תהי רשע בפני עצמך.

רבי שמעון זאָגט: זאָלסט זיין געװאָרנט צו לייענען קריאת שמע און דאַװנען אין צייט און װען דו דאַװנסט, מאַך ניט די תפילה מעכאַניש, נאָר װי

אַ געבעט פון גאָט, ווי עס איז געשריבן: גאָט איז אַ לייטזעליקער און אַ לאַנג־מוטיקער און באַדענקט זיך ניט צו טון שלעכטס צו מענשן. זאָלסט ניט האַלטן זיך פאַר אַ רשע.

די ערשטע דריי תלמידים האָבן מערסטנס אונטערגעשטראָכן האַנדלונגען צווישן מענטש און מענטש, „בין אדם לחברו״, און יעדער אויף זיין שטייגער האָט געהאַלטן און געוואָרנט ווי זיך אויפ־צופירן גוט און ערלעך. די לעצטע צוויי תלמידים שטרייכן אונטער ענינים „בין אדם למקום״. רבי שמעון זאָגט: אַ איד זאָל זיין פאָרזיכ־טיק אָפּצוהיטן די צייט פון לייענען קריאת שמע און דאַווענען די תפלות וועלכע זיינען צוגעגרייט געוואָרן ביי קאָמפּעטענטע רעלי־גיעזע פירער און אָנגענומען געוואָרן טראַדיציאָנעל ביי רעליגיעזע קהילות פון אַלע דורות. געוויס זיינען ניט אַלעס וואָס איז אין סדור אָדער מחזור אָנגענומען ביי אַלעמען. אָבער די יעניקע תפילות וואָס זיינען פונדאַמענטאַל און וויכטיק לכל הדעות דאַרפן שטרענג אָפּ־געהיט ווערן. ווען מ׳האָט געפרעגט אַ באַרימטן אָרטאָדאָקסישן רב, פאַרוואָס ניט פאַרקירצן דעם סדור און צוציען אַ גרויסן עולם, האָט ער געענטפערט מיט אַ משל: אַ סוחר האָט געזען, אַז זיינע מסחרים גייען שלעכט, איז ער אַוועק צו זיין גרעסטן קרעדיטאָר און געבעטן צו שניידן זיין חוב אויף האַלב. אויסרעדנדיק זיין פאָרשלאָג פרעגט ער אים, ווען איך וועל טון דיין בקשה, וועסטו באַלד באַצאָלן די העלפט? ניין, זאָגט דער סוחר, איצט האָט ער ניט קיין מזומנים נאָר ער האָפט אַז מיט דער צייט וועט ער קענען באַצאָלן. אויב אַזוי, זאָגט דער קרעדיטאָר, אויב שולדיק זיין, זאָל זיין די גאַנצע סומע. וואָלט איך וויסן, זאָגט דער רב, אַז מוועט אויסשניידן אַ צאָל תפי־לות וועלן די שולן זיין געפּאַקט מיט מתפללים, וואָלט איך מסכים געווען. איך ווייס דאָך, אַז די יעניקע וואָס האַלטן ניט פון דאַווענען, וועלן סיי ווי ניט קומען, אפילו מען וועט דעם סדור קירצן, טאָ לאָז שוין בעסער זיין דער גאַנצער סדור.

זאָג ניט דיינע תפלות מעכאַניש. צום באַדויערן ווערט דאָס דאַווענען ביי אַ סך רעליגיעזע אידן אַ געוווינהייט. ווען אַ איד דאַוונט זאָל ער אין זין האָבן, אַז דאָס איז אַ תפלה און בקשה פון בורא עולם. אַ מענטש זאָל זיך ניט האַלטן פאַר אַ רשע און ניט דענקען

וועגן זיך, אַז ער איז שוין געפאַלן מאָראַליש אַזוי טיף דאָס ער קען זיך מער נישט אויפהויבן. לויט דער עצה פון תלמוד זאָל אַ מענטש דענקען וועגן זיך אַלס האַלב גוט און האַלב שלעכט, אַזוי אַז ווען ער טוט אַ גוטע זאַך וועט דאָס איבערוועגן די וואָגשאָל און וועט אים מאַכן אַלס איינער וואָס באַזיצט מער מצוות ווי עבירות.

## יט. רבי אלעזר אומר: הוי שקוד ללמוד תורה, ודע מה שתשוב לאפיקורוס, ודע לפני מי אתה עמל ומי הוא בעל מלאכתך שישלם לך שכר פעלתך.

רבי אלעזר זאָגט: זאָלסט זיין נייגעריק צו לערנען תורה, און זאָלסט וויסן וואָס צו ענטפערן אַן אומגלויביקן און זאָלסט וויסן פאַר וועמען דו באַמיסט זיך און ווער עס איז דער הירט פון דיין אַרבעט וואָס וועט דיר באַצאָלן דיין לוין.

רבי אלעזר זאָגט פאָלגנדיקע דריי זאַכן: זיי נייגעריק צו לערנען תורה — לערנען דאַרף האָבן כוונה און התלהבות פונקט ווי תפלה. חשק צו לערנען און שווערע מי איז אַ פאַרזיכערונג צו פראָגרעס אין שטודירן.

ווייס וואָס צו ענטפערן אַן אומגלויביקן. מען דאַרף זיין צוגע־גרייט אָפּצושלאָגן די אַרגומענטן פון אפיקורסים דורך לערנען תורה און אויך זיין באַהאָוונט אין וועלטלעכע לימודים פון וויסנשאַפט. עס זיינען נויטיק ביידע, תורה און וויסנשאַפט, פאַר אַ וויכוח פאַר רעליגיע.

ווייס פאַר וועמען דו באַמיסט זיך — אמונה דאַרף זיין דער פונדאַמענט, טראָץ וויסנשאַפט מוז מען האָבן אַ שטאַרקן גלויבן, אַז עס איז דאָ אַ באַשעפער פאַר וועמען מען באַמיט זיך און אַז ער וועט צאָלן שכר פאַר מעשים.

## כ. רבי טרפון אומר: היום קצר, והמלאכה מרבה, והפועלים עצלים והשכר הרבה, ובעל הבית דוחק.

רבי טרפון זאָגט: דער טאָג איז קורץ און די אַרבעט אַ סך און די אַרבעטער זיינען פויל און דער לוין איז גרויס און דער אייגנטימער פאָדערט.

רבי טרפון האָט געלעבט אין צייט פון חורבן בית־המקדש צו־זאַמען מיט רבן יוחנן בן זכאי און דאָך איז זיין האַרץ און מוח געווען פאַרנומען מיט גייסטיקע זאַכן.

ער מאָלט דאָ אַ בילד אין קורצע ווערטער פאַר יעדן איינעם צו פאַרשטיין. דאָס בילד איז איינדרוקספול און וועקט מענטשן צו תורה לערנען און מעשים טובים. רבי טרפון זאָגט: דער טאָג איז קורץ און אַרבעט איז דאָ אַ סך צו לערנען און טון וויכטיקע נויטיקע אַרבעט. דער מענטשלעכער לעבן, אפילו ווען ער לעבט אַ פול לאַנג לעבן איז ניט גענוג צו טון אַלעס וואָס איז נויטיק און צו דעם איז די נאַטור פון מענטש זיך צו פוילן. ער וויל לעבן לייכט און האָבן פאַרגעניגן, טראַץ דעם וואָס דער לוין פאַר גוטע אַרבעט איז הויך. דער ווירט, בורא עולם, וועקט און רופט צו אַרבעטן פלייסיק און צו באַקומען שכר פאַר אַרבעט.

## כא. הוא היה אומר: לא עליך המלאכה לגמור, ולא אתה בן חורין להבטל ממנה. אם למדת תורה הרבה, נותנים לך שכר הרבה, ונאמן בעל מלאכתך שישלם לך שכר פעלתך. ודע שמתן שכרם של צדיקים לעתיד לבוא.

ער פלעגט זאָגן: עס איז ניט דיין פליכט צו פאַרענדיקן די אַרבעט. אָבער דו ביסט ניט פריי זיך אָפּצוזאָגן פון טון די אַרבעט. אויב דו האָסט געלערנט פיל תורה, וועט מען דיר געבן אַ גרויסן לוין, און דער ווירט פאַר וועמען דו אַרבעטסט איז באַגלויבט אַז ער וועט דיר באַצאָלן דעם שכר פון דיין אַרבעט. און זאָלסט וויסן אַז דאָס געצאָלט פון די צדיקים וועט קומען שפּעטער לעתיד לבוא.

רבי טרפון פאַרענדיקט דאָ אין סוף פון צווייטן פרק וואָס ער האָט אָנגעהויבן אין דער פריערדיקער משנה, אַז דאָס לעבן איז קורץ און אַרבעט איז דאָ אַ סך. זאָגט דערויף רבי טרפון, אַ מענטש זאָל ניט ווערן ענטמוטיקט און טראַכטן אַז עס לוינט זיך ניט צו לערנען אָדער אָנפאַנגען אַ שווערע אַרבעט אַזוי לאַנג אַז מ׳קען סיי ווי ניט פאַרענדיקן די אונטערנעמונג. זאָגט דערויף רבי טרפון: „לא עליך

לגמור", ס'איז ניט דיין פליכט צו פאַרענדיקן. אָבער וואָס מער האָסט געטון אַלץ בעסער פאַר זיך און פאַר דער וועלט. דער עיקר וואָס איז וויכטיק איז צו האָבן שטאַרקע אמונה, אַז דער באַשעפער פון דער וועלט איז באַגלויבט אַז ער וועט באַצאָלן דעם פאַרדינטן לוין פאַר די מעשים טובים, אפילו ווען מען זעט אַז צדיקים און תלמידי חכמים האָבן אַ שווער לײדנדיק לעבן מוז מען גלויבן אַז זיי וועלן באַקומען זייער שכר לעתיד לבוא.

רבי חנניא בן עקשיא אומר: רצה הקדוש ברוך הוא לזכות את ישראל, לפיכך הרבה להם תורה ומצוות שנאמר: ה' חפץ למען צדקו יגדיל תורה ויאדיר.

# פרק ג׳

כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא שנאמר: ועמך כלם צדיקים לעולם יירשו ארץ, נצר מטעי מעשי ידי להתפאר.

**משנה א.** **עקביא בן מהללאל אומר: הסתכל בשלשה דברים ואין אתה בא לידי עברה: דע מאין באת, ולאן אתה הולך, ולפני מי אתה עתיד לתן דין וחשבון. מאין באת מטפה סרוחה. ולאן אתה הולך למקום עפר, רמה ותולעה. ולפני מי אתה עתיד לתן דין וחשבון לפני מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא.**

עקביא בן מהללאל זאָגט: באַטראַכט זיך אין פאָלגנדיקע דריי זאַכן און דו חעסט ניט קומען צו קיין זינד. חייס פון חאַנען דו קומסט, און חוהין דו גייסט און פאַר חעמען דו דאַרפט אָפּגעבן דין וחשבון. פון וואַנען דו קומסט: פון אַ שענדלעכן טראָפּן. חוהין דו גייסט? צוּ אַן אָרט פון ערד און חערים. פאַר חעמען דאַרפסטו אָפּגעבן דין וחשבון, פאַר גאָט ברוך הוא, קעניג איבער אַלע קעניגע.

די דריי זאַכן וועלכע עקביא בן מהללאל ראָט צו געדענקען אַלס אַ מיטל ניט צו זינדיקן ווערן אין דער משנה צוויי מאָל פאַרצייכנט. דאָס ערשטע מאָל אָן אַן דערקלערונג „ווייס פון וואַנען דו קומסט און ווּהין דו גייסט און פאַר וועמען דאַרפסט אָפּגעבן דין וחשבון". די דאָזיקע ווערטער זיינען געווענדט צו אַ טיפּ מענטשן וועלכע גייען אויפן דרך הישר, לערנען און טון שיינע, נאָבעלע מעשים. די ווערטער דאָ ווערן באַנוצט פאַר דעם צוועק צו דערמוטיקן און געבן חשק אָנצוהאַלטן דעם גוטן וועג און ניט אַריינפאַלן אין נעץ פון זינד. און דער געדאַנק פון די ווערטער זיינען דערהאַבענע: ווייס פון וואַנען דו קומסט — פון גאָר אַ הויכן פּלאַץ — פון כסא הכבוד, פון וואַנען עס קומען די נשמות לויט טראַדיציאָנעלן גלויבן.

ווּהין דו גייסט — ערלעכע מענטשן גייען אין גן עדן צו באַקומען זייער שכר פאַר מעשים טובים.

אָפּגעבן דין וחשבון פאַר נאָבעלע מענטשן פאַרן מלך מלכי המלכים איז דאָך ניטאָ וואָס צו שרעקן זיך.

דאַן קומט דער צווייטער טייל פון דער משנה און ווענדט זיך צו די פשוטע געוויינטלעכע מענטשן וועלכע האָבן אַ שווערן קאַמף און קענען ניט בייקומען דעם יצר הרע. זיי וואָרנט עקביא און גיט אַן עצה ווי צו באַקעמפן די תאוות און ער דערקלערט די דריי זאַכן אויף אַ גאַנץ אַנדערן אופן. געדענק פון וואַנען דו קומסט — פון אַן אומריינעם טראָפּן. אַ מענטש דאַרף זיך פאַרטראַכטן און געדענקען אַז ער האָט זיך ניט מיט וואָס זיך גרויס האַלטן און זאָל זיך צוריק ציען פון גאווה, ווייל זיין אָנפאַנג איז אַ נישטיקער. וווהין גייסטו — צו אַ פלאַץ פון ערד און ווערים צוריק צו דער ערד. עס איז ניט כדאי זיך יאָגן נאָך רייכטום, ווייל מ׳קען קיין זאַך ניט מיטנעמען. בלויז אַ גוטער נאָמען בלייבט איבער. איבערהויפּט איז נויטיק צו געדענקען, אַז די וועלט איז ניט הפקר און מ׳דאַרף גלויבן, אַז עס איז פאַראַן אַ וועלט באַשעפער וואָס הערשט איבער אַלעם און אַלע־מען פאַר וועמען מען דאַרף אָפּגעבן דין וחשבון.

## ב. רבי חנינא סגן הכהנים אומר: הוי מתפלל בשלומה של מלכות שאלמלא מוראה איש את רעהו חיים בלעו.

רבי חנינא געהילף פון כהן גדול זאָגט: בעט פאַר דעם וווילזיין פון דער רעגירונג, ווייל ווען ניט די מורא פאַר די הערשער וואָלט איינער דעם צווייטן לעבעדיקערהייט איינגעשלונגען.

רבי חנינא דער געהילף פון כהן גדול האָט געלעבט אין אַ צייט ווען די רוימער האָבן געהערשט און געדריקט די אידישע באַפעלקע־רונג און דאָך האָט ער געגלויבט אַז ס׳איז בעסער אַז די רעגירער זאָלן לעבן בשלום און האָבן די מאַכט, ווייל אָן דעם וואָלט נאָך ערגער געווען. די אונטערוועלט מענטשן וואָלטן געהערשט און איי־נער דעם צווייטן איינגעשלונגען. ווען אַ רעגירונג פאַרלירט די קאָנ־טראָל ווערן פאַרדאָרבענע מענטשן טעטיק און עס הערשט גנבה, רויב און רציחה אומגעשטערט און אומבאַשטראָפט. אידן אין די גלות לענדער האָבן דאָס פאַרשטאַנען און האָבן טראָץ די גזירות און

דערנידערונגען פון די רעגירער דאָך געבעטן פאַרן געזונד און וויל־זיין פון די הערשער.

ג. רבי חנניא בן תרדיון אומר: שנים שיושבים ואין ביניהם דברי תורה הרי זה מושב לצים שנאמר: ובמושב לצים לא ישב. אבל שנים שיושבים ויש ביניהם דברי תורה שכינה שרויה ביניהם, שנאמר: אז נדברו איש אל רעהו ויקשב ה׳ וישמע ויכתב בספר זכרון לפניו ליראי ה׳ ולחושבי שמו. אין לי אלא שנים מנין אפילו אחד שיושב ועוסק בתורה שהקדוש ברוך הוא קובע לו שכר, שנאמר: ישב בדד וידם כי נטל עליו.

רבי חנינא בן תרדיון זאָגט: ווען צוויי זיצן און רעדן ניט ווערטער פון תורה, זיינען זיי אָפּלאַכער, ווי ס׳איז געזאָגט: „ער איז געזעסן מיט די שפּע־טערס״. אָבער ווען צוויי זיצן און רעדן דברי תורה, רוט די שכינה ביי זיי, ווי ס׳איז געזאָגט: „דאַן ווען איינער צום אַנדערן רעדט גאָט׳ס פאָרכט, פאַר־נעמט גאָט און הערט. און ס׳ווערט פאַרשריבן אין ספר זכרון פאַר גאָט׳ס פאָרכ־טיקע. פון דאַנען ווייסט מען פאַר צוויי. פן וואַנען ווייסט מען פאַר איינעם וועלכער זיצט און לערנט תורה אַז גאָט באַשטימט אויך שכר, ווייל ס׳איז גע־זאָגט: ער זיצט אַליין, טראַכט תורה ווייל ס׳איז באַשטימט פאַר אים אַ באַלוינונג.

רבי חנניא בן תרדיון האָט געלעבט אין אַ צייט ווען די רוימישע רעגירונג האָט אַרויסגעלאָזט אַ גזירה צו באַשטראָפן מיט טויט די יעניקע וואָס וועלן זיך פאַרזאַמלען און לערנען תורה. ער האָט גע־פּרעדיקט לערנען אויב ניט בציבור, איז גוט פאַר בלויז צוויי ווען די סכנה איז ניט גרויס. ער זאָגט, ווען צוויי אידן זיצן צוזאַמען און דערמאָנען ניט קיין תורה איז דאָס אַ מושב לצים, אַ זיצונג פון אָפּלאַכער. ווען זיי פאַרברענגען אָבער אין רייד פון תורה דאַן איז גאָט׳ס גייסט מיט זיי. ער ציטירט די ווערטער פון דעם נביא מלאכי אַז גאָט הערט זיך צו צו די רייד פון צוויי גאָטספאָרכטיקע און פאַרצייכנט זייערע מעשים. רבי חנניא זאָגט ווייטער, ווען ס׳איז ניט מעגלעך פאַר צוויי צו פאַרברענגען אין תורה איז אויך גוט

ווען איינער אַליין זיצט און לערנט. ער ציטירט די ווערטער פון איכה: „כאָטש ער איז איינזאַם און איז אַליין פאַרטיפט אין לערנען שטילערהייט וועט ער באַקומען זיין פולן לוין״. דער סוף פון רבי חנניא איז געווען, אַז די רוימער האָבן אים פאַרברענט, איינגעוויקלט אין אַ ספר תורה. בעת זיין גסיסה האָט ער געזאָגט אַז ער זעט די פאַרמעט ברענט און די אותיות פליען אין דער לופט פאַר אייביק.

## ד. רבי שמעון אומר: שלשה שאכלו על שלחן אחד ולא אמרו עליו דברי תורה כאילו אכלו מזבחי מתים, שנאמר: כי כל שלחנות מלאו קיא צואה בלי מקום. אבל שלשה שאכלו על שלחן אחד ואמרו עליו דברי תורה כאילו אכלו משלחנו של מקום, שנאמר: וידבר אלי זה השלחן אשר לפני ה׳.

רבי שמעון זאָגט: ווען דריי זיינען געזעסן ביי איין טיש און ניט געזאָגט דברי תורה איז גלייך ווי זיי האָבן געגעסן פון די געצן טויטע שעכטונג, ווי ס׳איז געזאָגט: „אַלע זייערע טישן זיינען פול פון מיאוסקייט, ווען מען דערמאָנט ניט גאָט׳ס נאָמען. אָבער ווען דריי האָבן געגעסן ביי איין טיש און האָבן געלערנט דברי תורה איז גלייך ווי זיי האָבן געגעסן פון גאָט׳ס טיש, ווי ס׳איז געזאָגט. „גאָט האָט מיר געזאָגט, דאָס איז דער טיש פאַר גאָט״.

רבי שמעון בר יוחאי איז געווען אַ באַרימטער תלמיד פון רבי עקיבא. אויסער זיין גרויסקייט אין תורה איז ער געווען אַ שאַרפער קעמפער פאַר דער באַפרייונג פון די רוימישע אונטערדריקער. ער איז וואַרשיינלעך געווען אַקטיוו אין בר־כוכבא׳ס אויפשטאַנד. די טראַדיציע דערציילט, אַז ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ הייל אין משך פון אַ לאַנגער צייט און אַז ער האָט דאָרט געשאַפן דעם הייליקן קבלה ספר — זהר. זיין יאָרצייט ווערט געפייערט ביז היינטיקן טאָג מיט גרויס און פלאַמענדיקער התלהבות און גייסטרייכע צערעמאָניעס ל״ג בעומר אין מירון, ישראל. ער זאָגט דאָ ווען דריי עסן ביי איין טיש און ריידן ניט דברי תורה איז גלייך ווי זיי עסן מיאוסע זאַכן גלייך מיט די געצן־דינער. אָבער ווען דריי עסן ביי

איין טיש און ריידן דברי תורה איז גלייך ווי זיי עסן פון גאָט׳ס טיש. דער טיש איז ביי אידן פאַרהייליקט דורכדעם וואָס ער ווערט דערהויבן צו קדושה: וואָשן די הענט, מאַכן אַ ברכה, המוציא, זאָגן זמירות און ברכת המזון. דער טיש ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ מזבח. רבי שמעון ציטירט די ווערטער פון יחזקאל הנביא: „דאָס איז דער טיש ווו גאָט׳ס גייסט הערשט״.

## ה. רבי חנינא בן חכינאי אומר: הנעור בלילה והמהלך בדרך יחידי ומפנה לבו לבטלה הרי זה מתחיב בנפשו.

רבי חנינא בן חכינאי זאָגט: ווער ס׳איז וואַך ביינאַכט און ווער ס׳גייט אַליין אונטערוועגס און קערט אַוועק זיין האַרץ פאַר אומזיניקע זאַכן, שטעלט איין זיין לעבן אין סכנה.

רבי חנינא דערקלערט די וויכטיקייט פון תורה אויף פאָלגנדיקן אופן: ווען אַ מענטש איז וואַך ביינאַכט אָדער ער איז אַליין אויפן וועג און לאָזט זיך אַריין אין וואָכעדיקע זאַכן איז ער אין אַ סכנה אַריינצופאַלן אין אַ נעץ. די צייט ווען אַ מענטש קען ניט שלאָפן אָדער אַליין אויפן וועג זאָל אויסגענוצט ווערן פאַר טראַכטן העכערע געדאַנקען פון תורה און חכמה ווייל דאַן איז די פּאַסיקסטע צייט און געלעגנהייט ווען אַלעס אַרום איז רואיק און שטיל צו אַריינטראַכטן זיך אין לערנען און אין העכערע ענינים. ווען ער לאָזט זיך אַריין אין זינדיקע מחשבות אָדער טרויעריקע זכרונות איז אַ מענטש אין סכנה אַראָפּצוגיין פון גלייכן וועג אָדער ווערן מעלאַנכאָליש וואָס ווירקט שווער אויפן מענטשלעכן מוח און גייסט.

## ו. רבי נחוניא בן הקנה אומר: כל המקבל עליו עול תורה מעבירים ממנו עול מלכות ועול דרך ארץ וכל הפורק ממנו עול תורה נותנים עליו עול מלכות ועול דרך ארץ.

רבי נחוניא בן הקנה זאָגט: װער עס איז אויף זיך מקבל דעם יאָך פון דער תורה נעמט מען אַװעק פון אים דעם יאָך פון דער רעגירונג און פון פּרנסה. און דער װאָס װאַרפט אַראָפּ פון זיך דעם עול פון תורה לייגט מען אויף אים אַרויף דעם יאָך פון דער רעגירונג און זאָרג פון פּרנסה.

רבי נחוניא׳ס װערטער קענען פאַרשטאַנען װערן אַז יעדער מענטש דאַרף האָבן אַן עול און שװער אַרבעטן און ער קען זיך אויסקלייבן אַן עול תורה אָדער אַ יאָך פון מלכות און פּרנסה. דער װאָס האָט אויסגעקליבן דעם עול תורה דאַרף באַפרייט װערן פון אַ טייל התחיבות פאַר אַנדערע צװעקן. אפילו אין אונדזער צייט און אין אַמעריקע, װוּ רעליגיע און שטאַט זיינען פאַנאַנדערגעטיילט װערן גייסטלעכע פון אַלע רעליגיעס באַפרייט פון צינזן און קריגן הנחה׳ס פון דער רעגירונג און פּריװאַטע אייגנטימער.

די װערטער קענען אויך אויסגעטייטשט װערן אַז די יעניקע װאָס זיינען פאַרטון אין לערנען װאַרפן פון זיך אַראָפּ די יאָגעניש נאָך רייכטום און אַנדערע אַמביציעס. די מענטשן װעלכע האָבן פון זיך אַראָפּגעװאָרפן דעם עול פון תורה זיינען תמיד פאַרנומען מיט זאָרג פון לעבן.

**ז. רבי חלפתא בן דוסא איש כפר חנניא אומר: עשרה שיושבים ועוסקים בתורה שכינה שרויה ביניהם שנאמר: אלקים נצב בעדת א־ל. ומנין אפילו חמשה שנאמר: ואגדתו על ארץ יסדה. ומנין אפילו שלשה שנאמר: בקרב אלקים ישפט. ומנין אפילו שנים שנאמר: אז נדברו יראי ה׳ איש אל רעהו ויקשב ה׳ וישמע. ומנין אפילו אחד שנאמר: בכל מקום אשר אזכיר את שמי אבא אליך וברכתיך.**

רבי חלפתא בן דוסא פון דעם דאָרף חנניא זאָגט: װען צען זיצן און לערנען תורה, רוט די שכינה צװישן זיי. װי ס׳װערט געזאָגט: „גאָט שטייט אין דער געטלעכער עדה״. פון װאַנען װייסט מען פאַר בלויז פינף, װייל ס׳איז געשריבן: „און דיין בונד איז אויף דער ערד פעסט״. און אפילו פאַר דריי —

„צווישן דיינים שטייט גאָט". און אפילו פּאַר צוויי — „דאַן ווען איינער צום צווייטן רעדט גאָט'ס פאָרכט, פאַרנעמט גאָט און הערט". און אפילו ווען איינער לערנט, ווערט געזאָגט: „אויף יעדן אָרט, ווו ס'ווערט דערמאַנט מיין נאָמען וועל איך קומען צו דיר און דיך בענטשן".

רבי חלפתא אונטערשטרייכט די גרויסקייט פון תורה לערנען און ציטירט פסוקים פון תנ"ך פאַר יעדער גרופּע לערנער וועלכע דריקן אויס די חשיבות פון לערנען און וואָס גרעסער די צאָל פון דער גרופּע אַלץ חשובער איז דאָס לערנען. ער הויבט אָן מיט אַ גרופּע פון צען, אַ מנין, אָדער אַן עדה, און ציטירט אַ פסוק פון תהילים: „גאָט שטייט אין אַ געטלעכע עדה", דאָס איז דער העכס־טער אויסדרוק. פאַר פינף ברענגט ער אַ פסוק פון עמ"ס: „גאָט האָט באַזירט זיין בונד אויף דער ערד". פאַר דריי לערנער ציטירט פון תהילים: „צווישן די דינים משפט ער". פאַר צוויי לערנער איז דער פסוק פון מלאכי: „גאָט הערט ווען איינער רעדט צום צווייטן די גאָטספאָרכטיקע צו וועמען ער הערט צו". און פאַר איינעם וואָס זיצט אַליין און לערנט ציטירט דעם אויסדרוק פון שמות: „אין יעדן פּלאַץ ווו מיין נאָמען ווערט דערמאָנט וועל איך קומען צו דיר און דיך בענטשן". ווען מען אַנאַליזירט די פסוקים זעט מען וואָס גרע־סער די צאָל לערנער אַלץ לענגער פאַרהאַלט זיך די שכינה.

## ח. רבי אלעזר איש ברתותא אומר: תן לו משלו שאתה ושלך שלו וכן בדוד הוא אומר: כי ממך הכל ומידך נתנו לך.

רבי אלעזר פון ברתותא זאָגט: גיב אים פון זיין אייגנטום, ווייל דו און דיין פאַרמעגן איז זיינס. און אַזוי האָט דוד געזאָגט: „פון דיר איז אַלעס און פון דיין האַנט גיבן מיר דיר".

רבי אלעזר מאַכט אויפמערקזאַם, אַז יעדער מענטש, איבער־הויפּט דער רייכער, דאַרף געדענקען אַז ניט זיין חכמה און פעאי־קייטן האָבן אים גרויס און רייך געמאַכט. ער דאַרף גלויבן, אַז די רעזולטאַטן פון זיין הצלחה זיינען אים געגעבן פון דער השגחה און

אַז ער איז ניט דער אייגנטימער פון זיין פאַרמעגן, נאָר בלויז אַ צייטווייליקער פאַרוואַלטער וועמען מען האָט אָנפאַרטרויט זיך צו באַנוצן מיט דעם. ער דאַרף דאַרום זיך טיילן מיט זיין פאַרמעגן מיט אַנדערע וועלכע נויטיקן זיך אין הילף. ניט נאָר דאַרף זיין פאַר־מעגן באַטראַכט ווערן אַזוי, נאָר אויך זיין קערפּער און גייסט, זיין תורה און חכמה און פעאיקייטן זיינען אַ געשענק פון בורא עולם און ס'איז זיין פליכט אַוועקצוגעבן אַ גרויסן טייל פון זיין אַרבעט און טעטיקייטן לטובת הכלל. רבי אלעזר שטיצט זיך אויף די ווער־טער פון דוד המלך: „פון דיר איז אַלעס געקומען און פון דיין האַנט געבן מיר דיר“.

## ט. רבי יעקב אומר: המהלך בדרך ושונה ומפסיק ממשנתו ואומר: מה נאה אילן זה מה נאה ניר זה מעלה עליו הכתוב כאילו מתחיב בנפשו.

רבי יעקב זאָגט: ווען איינער גייט אונטערוועגס און לערנט און שטעלט אָפּ זיין לערנען און זאָגט: ווי שיין איז דער בוים, ווי שיין איז דער אַקער, רעכנט אויף אים די תורה אַז ער האָט איינגעשטעלט זיין נפש.

רבי יעקב שטרייכט דאָ אונטער, אַז טראָץ דעם וואָס די באַ־וווּנדערונג פון דער נאַטור איז אַ טייל פון די מצוות פאַר וועלכע ס'איז דאָ באַשטימטע ברכות פאַר שיינקייט און פאַרפולקאָמענהייט פון דער וועלט באַשאַף, דאָך איז תורה לערנען העכער. פאַראַן אַ צייט פאַר מענטשן זיך צו פרייען מיט גאָט'ס וועלט, די שיינע נאַ־טור פעלדער, וועלדער, הימל און ערד, און מאַכן אַ ברכה, אָבער ווען אַ מענטש האַלט אין מיטן לערנען זאָל ער ניט זיך אָפּשטעלן דאָס לערנען און באַוווּנדערן די בריאה. דאָס זאָל ניט געטון ווערן ווען עס ברענגט צו ביטול תורה.

דער קאָצקער רבי האָט אויף זיין חסידישן וועג אויסגעטייטשט די משנה אַלס אַ וואָרענונג קעגן חקירה. מען מוז פאַרשטיין גאָט'ס באַשאַף און די נאַטור לויט דער תורה. דער יעניקער וואָס שטעלט אַוועק די תורה און הויבט אָן חקירן זיך און אויפקלערן די נאַטור לויטן שכל, פון וואַנען דער בוים וואַקסט און ווי אַזוי ער אַנטוויקלט

זיך און אַנדערע פרייע געדאַנקען לויט דער וויסנשאַפט, דאַן איז ער אַ מתחייב בנפשו. פאַראַן דאַן אַ סכנה דאָס ער וועט אַראָפּ פון דרך הישר און שעדיקן זיין נשמה.

י. רבי דוסתאי בר ינאי משום רבי מאיר אומר: כל השוכח דבר אחד ממשנתו מעלה עליו הכתוב כאלו מתחיב בנפשו שנאמר: רק השמר לך ושמר נפשך מאד פן תשכח את הדברים אשר ראו עיניך. יכל אפילו תקפה עליו משנתו תלמוד לומר: ופן יסורו מלבבך כל ימי חייך. הא אינו מתחיב בנפשו עד שישב ויסירם מלבו.

רבי דוסתאי בר ינאי זאָגט אין נאָמען פון רבי מאיר: חער עס פאַרגעסט אַ חאָרט פון זיין לערנען, ברענגט די תורה אויף אים חי ער שטעלט זיין נפש אין סכנה. חי ס׳איז געזאָגט: „נאָר זיי געהיט און היט דיין נפש טאָמער חעסטו פאַרגעסן די רייד חאָס דיינע אויגן האָבן געזען. חאָלט מען געקענט מיינען אפילו חען ס׳איז אים שחער געחען צו לערנען, זאָגט זיך דערפאַר אַז בלויז ווען די חערטער חערן אָפּגעטון פון האַרצן. ער איז נישט שולדיק ביז ער וואַרפט בכיוון אַחעק די דברי תורה.

רבי דוסתאי זאָגט אין נאָמען פון רבי מאיר, דער וואָס פאַר־געסט איין זאַך וואָס ער האָט געלערנט דערקלערט די תורה וועגן אים, אַז ער איז שולדיק אין איינשטעלן זיין נשמה אין סכנה. ווען אַ לערנער פאַרגעסט וואָס ער האָט געלערנט, באַווייזט דאָס אַז ער האָט פאַרנאַכלעסיקט דאָס לערנען און ס׳איז פאַראַן אַ סכנה אַז אין גיכן וועט ער אַלעס פאַרגעסן, ווייל מיט יעדן טאָג פאַרלירט ער אַ טייל פון זיינע ידיעות. עס ווערט אָנגעדייטעט אין תלמוד אַז די תורה זאָגט צום מענטש: „פאַרלאָז מיך איין טאָג און איך וועל דיך פאַרלאָזן צוויי טעג״.

צום באַדויערן ווערט אָט די זינד באַאַנגעגען פיל מער אין דער מאָדערנער צייט, ווען מענשן יאָגן זיך נאָך רייכטום און פאַרגע־ניגנס. פאַראַן געוועזענע ישיבה בחורים, וועלכע האָבן אין דער יוגנט געשמאַק געלערנט אָבער אין דעם געיעג נאָך פינאַנציעלן

דערפאָלג האָבן זיי דעם ספר פאַרנאַכלעסיקט און האָבן אַלעס פאַר־געסן און געוואָרן עמי־ארצים. די חז״ל זאָגן, אַז עס איז בעסער דאָס לערנער זאָלן פאַרוואַרפן די מצוות פון דער תורה איידער צו פאַרגעסן תורה. ווייל די סכנה פון אפיקורסישע געדאַנקען איז ניט גרויס, ווייל ס׳איז תמיד פאַראַן אַ צאָל פרומע אידן צו שטאַרקן די אמונה. שלעכט איז אָבער ווען די תורה ווערט פאַרגעסן און מען לערנט ניט. דאַן איז פאַראַן די סכנה דאָס אַזוי געראָפענע גייס־טיקע פירער זאָלן פאַרוואַנדלען דעם אידישן דת אין אַ רעליגיע פון פוסטע אומוויכטיקע צערעמאָניעס און באַנוגענען זיך מיט בר־מצווה פייערונגען, אַ הפטורה און דרשה און אין יאָרצייט פראַווען און קדיש זאָגן. דער וועג פירט צו דער סכנה פון פאַרגעסן די גרויי־סע, רייכע ירושה פון ריזן פון תורה. רבי מאיר זאָגט, אַז ווען איינער מוז צוליב קראַנקהייט אָדער אַנדערע וויכטיקע סיבות אָפּשטעלן דאָס לערנען איז ער ניט שולדיק. די יעניקע אָבער וואָס פאַרנאַכלעסיקן אָדער איגנאָרירן תורה לערנען צוליב פינאַנציעלן דערפאָלג, פאַר־געניגנס אָדער סתם נאָכלעסיקייט, באַגיין אַ גרויסע זינד קעגן זיך, דער תורה און קעגן אידישן פאָלק.

## יא. רבי חנינא בן דוסא אומר: כל שיראת חטאו קודמת לחכמתו חכמתו מתקימת, וכל שחכמתו קודמת ליראת חטאו אין חכמתו מתקימת.

רבי חנינא בן דוסא זאָגט: ביי וועמען די מורא פאַר זינד קומט פריער ווי זיין חכמה, וועט זיין חכמת התורה אָנהאַלטן. אָבער ביי דעם וואָס זיין תורה לערנען קומט פריער ווי מורא האָבן צו זינדיקן וועט זיין תורה לערנען ניט האָבן קיין קיום.

רבי חנינא בן דוסא זאָגט: ביי דעם וואָס די מורא פאַר זינד איז וויכטיקער ווי לערנען וועט זיין לערנען פאַרבלייבן, ווען לערנען איז זיין אַמביציע און וויכטיקער ווי צו לעבן אָן זינד וועט זיין חכמה פונעם לערנען ניט לאַנג אָנהאַלטן. ווען אַ מענטש באַמיט זיך צו לערנען כדי צו לעבן אַ גוט לעבן אָן זינד דאַן ווען ער לערנט

ווען די שיינע מידות ווען דאָס פאַרשטאַרקן זיין נאָבעלע אויפפי־רונג און ער וועט אויך הנאה האָבן פון זיין לערנען און דער חשק צום לערנען וועט ביי אים שטייגן. אָבער דער וואָס וויל לערנען צו וויסן אַלעס נאָר ער האָט זיך ניט איינגעלעבט אין שיינע אויפפירונג וואָס די תורה ווייזט אָן, דאַן וועט מיט דער צייט דאָס לערנען ווערן ביי אים איבערדריסיק און זיין שטערונג צו זיינע פאַרגעניגנס און ער וועט צום שלוס פאַרלאָזן זיין שטודיום און ס׳וועט ביי אים קיין קיום ניט האָבן.

יב. הוא היה אומר: כל שמעשיו מרבים מחכמתו חכמתו מתקימת וכל שחכמתו מרבה ממעשיו אין חכמתו מתקימת.

ער פלעגט זאָגן: ביי דעם וואָס זיינע מעשים טובים שטייגן איבער זיין חכמה, וועט זיין חכמה לערנען אָנהאַלטן. אָבער דער וואָס זיין הכמה איז גרע־סער ווי זיינע גוטע מעשים, וועט זיין חכמה לערנען ניט אָנהאַלטן.

רבי חנינא אין דער דאָזיקער משנה גייט אַ שריט ווייטער און שטרייכט אונטער דאָס טון מעשים טובים איז וויכטיקער ווי בלויז לערנען וועגן זיי. ווען אַ מענטש איז פאַראינטערעסירט אין אַ נאָ־בעלן לעבן און טון גוטע טאַטן מער ווי אין לערנען וועט ער מצליח זיין איןביידע זאַכן, אין שיינע מידות און אויך אין לערנען, ווי עס איז דערקלערט אין דער פריערדיקער משנה. דאָרט האָט זיך גע־האַנדלט וועגן אויסמיידן זינד וואָס דער מענטש פילט אינערלעך און דאָ רעדט זיך וועגן פראַקטיצירן מעשים טובים דורך דעם וואָס מ׳לערנט וועגן זיי. אויך דאָ ווערט דערקלערט דאָס תורה לערנען אָן מעשים טובים וועט לאַנג ניט אָנהאַלטן.

רבן יוחנן בן זכאי האָט דאָס דערקלערט אויף פאָלגנדיקן אופן: גוטע נאָבעלע מידות אָן תורה איז גלייך צו אַן אַרבעטער וואָס האָט מיט זיך זיין געצייג אָבער ער איז ניט קאָמפעטענט אין דער אַרבעט. דער וואָס פאַרמאָגט תורה און חכמה אָן גוטע מעשים איז ווי אַ בעל מלאכה וואָס קען זיין פאַך אָבער ער האָט ניט די געצייג צו

דער אַרבעט. דער יעניקער וועלכער פאַרמאָגט ביידע זאַכן, תורה און שיינע מידות איז געגליכן צו אַ פאַכמאַן וואָס האָט מיט זיך די נויטיקע מכשירים פאַר דער אַרבעט.

## יג. הוא היה אומר: כל שרוח הבריות נוחה הימנו רוח המקום נוחה הימנו, וכל שאין רוח הבריות נוחה הימנו אין רוח המקום נוחה הימנו.

ער פלעגט זאָגן: פון דעם וואָס מענטשן האָבן הנאה, האָט גאָט אויך הנאה. אָבער פון דעם וואָס מענטשן האָבן ניט הנאה, האָט אויך גאָט קיין הנאה פון אים.

דער געדאַנק וואָס רבי חנינא ברענגט אַרויס אויף אַ קלאָרן אופן איז: ווען מענטשן זיינען צופרידן מיט אַ פערזאָן איז גאָט אויך צופרידן מיט אים. דאָס האָט הלל הנשיא אָנגעדייטעט ווען ער האָט געזאָגט צו געצן דינער וועלכער האָט פאַרלאַנגט אויסלערנען די גאַנצע תורה אויף איין פוס: „וואָס דו ווילסט ניט מען זאָל דיר טון זאָלסטו אַן אַנדערן ניט טון". ווען מענטשן זיינען צופרידן מיט עמיצן באַווייזט, אַז דער מענטש טוט וואָס די תורה לערנט. ווען מען זעט אַ תלמיד חכם פירט זיך מיט זיינע מיטמענטשן מיט יושר און איידלקייט ווערט דער לערנער רעספעקטירט און אויך דער כבוד פון דער תורה דערהויבן. ווען אַ איד לערנט תורה אָבער זיין אויפפירונג מיט מענטשן איז ניט איידל און ניט יושרדיק באַקומט ער אַ שלעכטן נאָמען אין דער וועלט פון מסחר און אין געזעלשאַפט און אויב צו דעם איז ער נאָך קאַרג צו געבן צדקה פאַרלירט ער די אַכטונג פון מענטשן און מיט אים ווערט אויך דער כבוד פון תורה דערנידעריקט.

## יד. רבי דוסא בן הרכינס אומר: שנה של שחרית ויין של צהרים ושיחת ילדים וישיבת בתי כנסיות של עמי הארץ מוציאים את האדם מן העולם.

רבי דוסא בן הרכינס זאָגט: דער שלאָפן שפּעט אין דער פרי, און דער ווײַן וואָס מען טרינקט אין מיטן טאָג און די נאַרישע קינדערשע רייד און דער צו־זאַמען קומען פון עמי הארץ פאַר דברים בטלים, נעמען אַוועק דעם מענטש פון דער וועלט.

רבי דוסא בן הרכינס איז געווען רייך און האָט געהאַט די גע־לעגנהייט צו בעאָבאַכטן די אויפפירונג פון רייכע ליידיקגייער. ער וואָרנט זיי, אַז זייער לעבנסשטייגער איז אומווירדיק און שעדלעך און זיי וועלן צום שלוס באַצאָלן פאַר זייער שלעכטע אויפפירונג. ער צייכנט דאָ אָן פון דערפאַרונג דעם פּראָגראַם פון די לייכטזיניקע: שלאָפן שפּעט, אויפן טאָג, טרינקען אַ סך פאַרשיכורדיקע געטראַנקען אין מיטן טאָג, פּלאַפּלען אַ לאַנגע צייט מיט קינדער און פאַרנעמען זיך אין קינדערישע שפּילערייען און פאַרענדיקן אין פאַרברענגען מיט גוטע ברידער אין אַ געזעלשאַפט פון אומוויסנדע און אומווירדיקע פערזאָנען. אַזאַ סאָרט פּראָגראַם פון לעבן זאָגט רבי דוסא וועט זיך ענדיקן טראַגיש פאַר די לייכטזיניקע און וועט זיי אַרויסשליידערן פון אָנשטענדיקע מענטשלעכע געזעלשאַפט.

ס׳איז נויטיק צו באַמערקן, אַז די אַלע זאַכן וואָס ווערן דאָ פאַרצייכנט זיינען דערלויבט און גוט ווען אין אַ באַגרענעצטער מאָס. די קאַטאַסטראָפע קומט ווען זיי ווערן געטון איבער דער מאָס דאַן ווערן זיי שעדלעך.

**טו.** רבי אלעזר המודעי אומר: המחלל את הקדשים והמבזה את המועדות והמלבין פני חברו ברבים והמפר בריתו של אברהם אבינו והמגלה פנים בתורה שלא כהלכה אף על פי שיש בידו תורה ומעשים טובים אין לו חלק לעולם הבא.

רבי אלעזר המודעי זאָגט: ווער עס פאַרשוועכט די הייליגקייטן, און ווער עס באַליידיקט די ימים טובים און ווער עס איז מבייש זיין חבר אין דער אָנוועזנהייט פון אַ סך מענטשן, און דער וואָס פאַרשטערט דעם ברית פון אברהם אבינו — מילה — און ווער עס דערקלערט די מיינונג פון דער תורה

ניט ווי דער אמת איז, כאָטש דער מענטש פאַרמאָגט תורה און מעשים טובים, האָט ער דאָך ניט קיין חלק אין דער קומענדיקער וועלט.

רבי אלעזר פון מודיעין האָט געלעבט אין דער שטורעמדיקער צייט פון בר־כוכבא׳ס אויפשטאַנד קעגן דער רוימישער מאַכט. ער האָט נישט איינגעשטימט מיט דעם גרויסן געלערנטן און פירער רבי עקיבא וועלכער האָט געשטיצט בר־כוכבא׳ן. דער סוף איז גע־ווען, אַז ער איז געטויט געוואָרן ביי בר־כוכבא איבער אַ בלבול וואָס איז געמאַכט געוואָרן קעגן רבי אלעזר׳ן, אַז ער האָט פאַרראָטן די אידישע קעמפער דורך פאַרהאַנדלען מיט רוימישע שפּיאָנען.

אין דער אומרואיקער צייט זיינען פאָלגנדיקע פינף זינד באַגאַנגען געוואָרן קעגן וועלכע רבי אלעזר וואָרנט דאָ:

1. די הייליקייטן זיינען איבער דער מלחמה פאַרשוועכט גע־וואָרן איבער די קאַמפן.

2. די ימים טובים זיינען איבער דער מלחמה פאַרשוועכט גע־וואָרן ביי די קעמפער.

3. אַלע וועמען מ׳האָט חושד געווען אַלס קעגנער פון אויפ־שטאַנד זיינען פאַרשעמט געוואָרן און באַשטראָפט אַלס פאַררעטער.

4. אייניקע האָבן זיך אַסימילירט און ניט מל געווען זייערע קינדער.

5. אַ צאָל געלערנטע האָבן אין דער מהומה אויסגעטייטשט פאַלש די ווערטער פון דער תורה. רבי אלעזר האָט שאַרף קריטי־קירט די דאָזיקע אויפפירונג און געזאָגט אַז אפילו ווען די מענטשן באַזיצן תורה און מעשים טובים זיינען זיי אויסגעשלאָסן פון עולם הבא.

## טז. רבי ישמעאל אומר: הוי קל לראש ונוח לתשחורת והוי מקבל את כל האדם בשמחה.

רבי ישמעאל זאָגט: זיי גרינג צו באַדינען אַ תלמיד חכם. און צוגעלאָזט צו אַ יונגן אומדערפאַרענעם, און זאָלסט אויפנעמען יעדן מענטש מיט פרייד.

רבי ישמעאל דערקלערט ווי זיך אויפצופירן מיט מענטשן פון

אַלע קלאַסן. די ווערטער זיינען ניט קלאָר און פאַראַן פאַרשיידענע פירושים. דער רמב״ם דערקלערט זיי אויף זיין קלאָרן לאָגישן וועג אויף פאָלגנדיקן אופן:

1. זיי גרייש שנעל דורכצופירן יעדע שליחות און פאַרלאַנג פון אַ העכערן מענטש.

2. זיי געדולדיק און ליבלעך צו אַ יונגן אומדערפאַרענעם, וועלכער נויטיקט זיך אין אַ וועג־ווייזער און הילף אויף זיין לעבנס וועג.

3. נעם אויף אַלעמען גרויסע און קליינע, רייכע און אָרעמע, קלוגע און נאַרישע מיט האַרציקע פרייד. עס איז ניט גענוג אַ שמייכל ווי שמאי זאָגט, נאָר מיט האַרציקע פרייד.

## יז. רבי עקיבא אומר: שחוק וקלות ראש מרגילים את האדם לערוה, מסורת סיג לתורה, מעשרות סיג לעשר, נדרים סיג לפרישות, סיג לחכמה שתיקה.

רבי עקיבא זאָגט: געלעכטער און לייכטזיניקייט ברענגען דעם מענטש צו זינדיקע פאַרשייטקייט: די מסורה — פון לייענען די תורה און ענלעכע מנהגים וואָס זיינען איבערגעגעבן פון פריערדיקע דורות איז אַ שטיצע פאַר דער תורה. מעשר — געבן צדקה איז אַ שטאַרקייט פאַר רייכטום. אַ נדר, זיך צוריקהאַלטן פון געוויסע פאַרגעניגנס איז אַ צוים צו אָפּגעהיטער אויפפירונג. אַ הילף צו חכמה איז שווייגן.

רבי עקיבא איינער פון די באַרימטסטע פערזענלעכקייטן אין דער אידישער געשיכטע האָט אָנגעהויבן אַלס אַ אומוויסנדיקער פאַסטוך. צופעליקערווייז האָט די טאָכטער פון זיין רייכן בעל הבית אַנטדעקט אין אים אומגעהויערע פעאיקייטן און אים געראָטן אַוועק צוגיין לערנען. ער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין לערנען, אַדאַנק דער דערמוטיקונג פון זיין פרוי און דערגרייכט די העכסטע מדרגה און איז געוואָרן איינער פון די גרעסטע תנאים פון דער משנה. ער איז אויך געווען באַשאָנקען מיט שיינע מידות און פעאיקייטן אַלס פירער. זייענדיק אַ פייערדיקער פאַטריאָט פאַר דער אידישער אומה און

לאַנד, איז ער געוואָרן דער גייסטיקער פירער און ראָטגעבער פון בר־כוכבא אויפשטאַנד קעגן דער רוימישער ברוטאַלער הערשאַפט. ער האָט פאַרענדיקט זיין לעבן אַלס מאַרטירער — איינער פון די היסטאָרישע „עשרת הרוגי מלכות" ביי די רוימער.

אין דער דאָזיקער משנה וואָרנט רבי עקיבא קעגן שלעכטע אויפ־פירונג און וואָרנט זיך צו היטן אַריינצופאַלן אין אָפגרונט פון אומ־מאָראַלישקייט, אפיקורסות און אומוויסנהייט:

1. „פרעכער געלעכטער און לייכטזיניקייט פירט מענטשן צו אוממאָראַלישע אויפפירונג", פרייד און פאַרגעניגן זיינען אַ טייל פון אידישן דת, אָבער עס מוז זיין אויף אַ ריינעם אופן. ווען איינער לאָזט זיך אַריין און האָט הנאה צו הערן און אָנטיילנעמען אין לייכט־זיניקע געשפּרעכן, וווּלגאַרישע וויצן איבערהויפּט אין דער אָנוועזנ־הייט פון פרויען, וועט ער ביסלעכווייז אַריינגעשלעפּט ווערן אין אוממאָראַלישע און זינדיקע אויפפירונג.

2. „טראַדיציע איז אַ הילף צו תורה לערנען", געדאַנקען און מנהגים וואָס זיינען איבערגעגאַנגען מינדלעך פון אַלטע צייטן זאָלן שטרענג אָפּגעהיט ווערן, אפילו ווען זיי זיינען ניט גאַנץ קלאָר און טאָרן ניט געענדערט ווערן.

3. „צדקה איז אַ מיטל רייך צו ווערן", אויסער די אמונה פון שכר פאַר געבן צדקה לויט דעם אויסדרוק „עשר תעשר", גיב מעשר כדי זאָלסט רייך ווערן, איז פאַראַן אַ פּסיכאָלאָגישער טעם. ווען אַ מענטש פילט אַ פליכט צו געבן צדקה וועט ער ווערן דער־מוטיקט צו באַמיען זיך מצליח זיין אין זיין אַרבעט.

4. „נדרים זיינען אַ מיטל צו פרישות", כאָטש נדרים זיינען ניט דערמוטיקט, דאָך ווען נויטיק העלפט אַ נדר אַוועקצושטיין פון זינד.

5. „שווייגן איז אַ מיטל צו חכמה", איבערהויפּט אין דער אָנ־וועזנהייט פון קלוגע פון וועמען מען קען לערנען שווייגנדיק.

יח. הוא היה אומר: חביב אדם שנברא בצלם, חבה יתרה נודעת לו שנברא בצלם שנאמר: כי בצלם אלקים עשה את האדם, חביבים ישראל שנקראו בנים למקום,

**חבה יתרה נודעת להם שנקראו בנים למקום שנאמר: בנים אתם לה׳ אלקיכם, חביבים ישראל שנתן להם כלי חמדה, חבה יתרה נודעת להם שנתן להם כלי חמדה שנאמר: כי לקח טוב נתתי לכם תורתי אל תעזבו.**

ער פלעגט זאָגן: באַליבט איז דער מענטש וואָס איז באַשאַפן געוואָרן אין אַ געטלעכער פאָרם. נאָך גרעסער איז די ליבשאַפט וואָס מען האָט מודיע געווען דעם מענטש וועגן דעם לויט דעם אויסדרוק וואָס ווערט געזאָגט: „אין געטלעכער פאָרם האָט ער געמאַכט דעם מענטש". באַליבט זיינען אידן וואָס ווערן אָנגערופן קינדער פון גאָט, נאָך גרעסער איז די ליבשאַפט מיט דעם וואָס עס איז געזאָגט: „איר זייט קינדער צו אייער גאָט". באַליבט זיינען אידן וואָס עס איז זיי געגעבן געוואָרן אַ פּראַכטפולע כלי — די תורה. נאָך גרעסער איז וואָס מען האָט זיי מודיע געווען, ווי עס איז געזאָגט: „איך האָב אייך געגעבן אַ גוטע לערע מיין תורה זאָלט איר ניט פאַרלאָזן".

רבי עקיבא אונטערשטרייכט אין דער דאָזיקער משנה די וויכ־טיקייט פון מענטש, אַלע מענטשן אָן אונטערשייד, און דאַן גיט ער אַ ספּעציעלן בכבודיקן אָרט פאַר אידן. די משנה איז איינגעטיילט אין דריי טיילן:

1. „באַליבט איז דער מענטש וואָס איז באַשאַפן געוואָרן אין געטלעכער פאָרם". דער מענטש איז אין זיין הויכן גלייכן געבוי איבערהויפּט אין גייסטיקן זין העכער פון אַלע לעבעדיקע באַשע־פענישן. ער איז געבויט הויך ניט ווי די בהמות און חיות מיט זייער פנים צו דער ערד נאָר שטאָלץ מיט דעם קאָפּ געהויבן און געווענדט צו הימל. דער מענטש איז געבענטשט מיט שכל, איטעליגענץ געפילן און אַ סך אַנדערע אייגנשאַפטן וועלכע צייכענען אים אויס איבער דעם גאַנצן באַשאַף. מענטשן דאַרפן שטאָלץ זיין דערמיט וואָס די תורה מאַכט וועגן דעם אַ דערקלערונג אין דער עפנטלעכקייט, אַז דער מענטש איז געמאַכט געוואָרן אין גאָט׳ס געשטאַלט.

2. „באַליבט זיינען אידן וואָס זיינען באַטיטלט אַלס קינדער פון גאָט". אויסער דער הויכער קוואַליטעט וואָס זיי זיינען ווי אַלע מענטשן העכער פון אַלע באַשעפענישן זיינען זיי פּריוויליגירט צו

זיין אין דער הויכער מדרגה צו זיין גאָט׳ס קינדער און דאַרפן ספּע־ציעל שטאָלץ זיין וואָס די תורה דערקלערט עפנטלעך „איר זייט אייער גאָט׳ס קינדער״.

3. „באַליבט און פאַרהייליקט זיינען אידן וואָס איז צו זיי גע־געבן געוואָרן אַ רייכער געשאַנק — די תורה״. די דאָזיקע אויס־צייכענונג און כבוד ווערט אונטערגעשטראָכן ביי שלמה המלך אין משלי: „איך האָב אייך געגעבן אַן אויסגעצייכנטע לערע — מיין תורה זאָלט איר ניט פאַרלאָזן״.

רבי עקיבא שטרייכט אונטער דאָס אַ מתנה וואָס ווערט געגעבן עמיצן ווערט ליבער און חשובער ווען דער וואָס גיט עס דערקלערט אָפן זיין הנאה און פאַרגעניגן אין געבן דעם געשאַנק. רבי עקיבא ציטירט אינטערעסאַנטע פּסוקים פון תנ״ך וועגן די דאָזיקע דערקלע־רונגען.

## יט. הכל צפוי והרשות נתונה ובטוב העולם נדון, והכל לפי רב המעשה.

**אַלעס איז אויפגעדעקט פאַר גאָט. און די בחירה איז יעדן געגעבן און מיט גוטסקייט ווערט די וועלט געמשפּט און די באַלוינונג איז לויט דער מאָס פון מעשים טובים.**

רבי עקיבא דריקט אויס אין קורצע עטלעכע ווערטער אַ טיפן רעליגיעזן און פילאָסאָפישן געדאַנק וועגן מענטשלעכע אויפפירונג. די פראַזן זיינען ניט גאַנץ קלאָר און אַ סך פירושים זיינען אויף זיי געמאַכט געוואָרן. דער רמב״ם טייטשט אויס רבי עקיבא׳ס ווערטער אויף פאָלגנדיקן אופן: אַלעס וואָס אַ מענטש טוט און וועט טון אין דער צוקונפט איז געגנוי באַוווּסט צום באַשעפער. דאָך איז די בחירה צו זיין גוט אָדער שלעכט אין יעדן מענטשנס הענט. ער איז אַן אייגענער הערשער איבער זיך. דערפאַר ווערט די וועלט געמשפּט לויט די מענטשנס אויפפירונג. דער לוין איז באַזירט לויט דער צאָל פון גוטע מעשים. דער יעניקער, צום ביישפּיל, וואָס ווערט גערירט צו געבן צדקה אַ סך מאָל אפילו ווען דער סכום איז קליין אָבער עס איז געגעבן מיט האַרציקן געפיל איז זיין שכר גרעסער ווי דער

וואָס גיט בלויז איין מאָל אפילו אַ גרויסע סומע, ווייל דער עיקר איז דער געפיל פון האַרץ ניט די גרויס פון דער נדבה.

כ. הוא היה אומר: הכל נתון בערבון ומצודה פרושה על כל החיים, החנות פתוחה והחנוני מקיף והפנקס פתוח והיד כותבת וכל הרוצה ללוות יבא וילוה, והגבאים מחזרים תדיר בכל יום ונפרעים מן האדם מדעתו ושלא מדעתו ויש להם על מה שיסמכו והדין דין אמת והכל מתקן לסעודה.

ער פלעגט זאָגן: אַלעס ווערט געגעבן אויף באָרג און אַ נעץ איז פאַרשפרייט אויפן דעם גאַנצן לעבן, די קראָם איז אָפן און דער קרעמער גיט אויף באָרג, און דער בוך איז אָפן, און די האַנט שרייבט, און ווער עס וויל לייען קען קומען און לייען און די גבאים גייען אַרום יעדן טאָג און מאָנען, און זיי באַקומען באַצאָלט. סיי דער קונה געדענקט אָדער ניט, ווייל זיי האָבן זיך אויף וואָס צו פאַרלאָזן. און דער משפט איז אמת און אַלעס איז גרייט פאַר דער סעודה.

רבי עקיבא זאָגט: „אַלעס ווערט געגעבן אויף באָרג און אַ נעץ איז פאַרשפרייט איבער דעם לעבן פון מענטשן. די קראָם איז אָפן, דער סוחר גיט אַלעם אויף קרעדיט. דער בוך איז אָפן און די האַנט שרייבט. יעדער וואָס וויל באָרגן קען קומען און באָרגן און די גבאים גייען אַרום איינמאָנען חובות יעדן טאָג און זיי נעמען פון דעם קונה אפילו ווען ער שטימט ניט איין, ווייל זיי האָבן שטאַרקע באַווייזע און זייער משפט איז גערעכט. ווען אַלעס איז אויסגעגליכט זיינען אַלע מענטשן גרייט צו דער סעודה וואָס ער האָט פאַר זיך צוגעגרייט". די משנה איז אַ המשך פון דער פריערדיקער. דאָ ווערט דערקלערט ווי אַזוי דער סיסטעם פון לעבן גייט אָן. די וועלט ווערט פאַרגלייכט צו אַ קראָם. יעדער מענטש פון זיין געבורט ביז צום סוף נעמט אויף באָרג אַלעס אין וואָס ער נויטיקט זיך און אויך וואָס דער יצר הרע רעדט צו. אָבער ער דאַרף געדענקען, אַז מען מוז צוריקצאָלן מיט מעשים טובים. ווען עס קומען יסורים און ליידן

זיינען זיי וואָס די גבאים מאָנען אייך. אַמאָל גערעכנט ניט דער מענטש אָבער דער משפט איז אַ גערעכטער.

כא. רבי אלעזר בן עזריה אומר: אם אין תורה אין דרך ארץ, אם אין דרך ארץ אין תורה. אם אין חכמה אין יראָה, אם אין יראָה אין חכמה, אם אין דעת אין בינה, אם אין בינה אין דעת, אם אין קמח אין תורה, אם אין תורה אין קמח.

רבי אלעזר בן עזריה זאָגט: אויב ס'איז ניטאָ קיין תורה איז אויך ניט פאַראַן קיין שיינע מידות. ווען ס'איז ניטאָ קיין דרך ארץ וועט תורה אויך ניט אָנהאַלטן. ווען ס'איז ניט פאַראַן קיין חכמה איז ניטאָ קיין יראת שמים, ווען קיין יראה איז ניטאָ איז אויך ניטאָ קיין חכמה. ווער עס האָט ניט קיין פאַרשטאַנד קען ניט האָבן קיין וויסנשאַפט. ווער עס האָט ניט געלערנט קיין וויסנשאַפט האָט ניט קיין פאַרשטאַנד. ווען עס איז ניטאָ קיין ברויט קען ניט תורה אָנהאַלטן, ווען קיין תורה איז ניטאָ איז ניטאָ קיין ברויט.

רבי אלעזר בן עזריה איז געווען פון גרויס יחוס, רייך און אַ גרויסער תלמיד חכם. ער האָט פאַרנומען אַ הויכן אָרט אין סנהדרין. פאַר אַ קורצער צייט איז ער געווען דער נשיא אויפן אָרט פון רבן גמליאל. ער איז אויך געווען באַהאָוונט אין וועלטלעכע ענינים. ער זאָגט אין דער דאָזיקער משנה: „אויב ס'איז ניטאָ קיין תורה קען ניט זיין קיין דרך ארץ. שיינע מידות, גוטע אויפפירונג, איז גענומען פון דער תורה, וואָס לערנט ווי אַזוי צו באַגיין זיך מיט מענטשן. אָן תורה וואָלטן מענטשן ניט געוווסט ווי זיך אויפצופירן.

„אויב עס איז ניטאָ קיין דרך ארץ וועט תורה לערנען ניט אָנהאַלטן". לערנען אַליין אָן אַ נאַטירלעכער נייגונג צו פירן אַ שיי־נעם מענטשלעכן לעבן קען קיין קיום ניט האָבן. אַ צוזאַמענשמעל־צונג פון ביידע — תורה און דרך ארץ אין מענטשן וועט אים פאַר־פולקאָמען, שטאַרקן דאָס לערנען און מידות.

„אויב עס איז ניטאָ קיין חכמה קען ניט זיין קיין מורא פאַר זינד", ווייל אָן ידיעות פון תורה ווייסט מען ניט ווען און ווי אַזוי אַנטלויפן פון זינד.

„אויב עס איז ניטאָ קיין מורא פאַר זינד איז אויך ניטאָ קיין חכמה”, ווייל ווען אַ מענטש לאָזט זיך אַריין אין זינד וועט ער פאַר־וואַרפן און פאַרגעסן צו לערנען וואָס איז קעגן זיין אויפפירונג.

„ווען עס איז ניט פאַראַן קיין וויסנשאַפט דאַן איז אויך ניטאָ קיין פאַרשטאַנד”. ווען עס איז ניטאָ קיין שכל וועט קיין לערנען און וויסנשאַפט ניט זיין.

„ווען עס איז ניטאָ קיין מעל פאַר ברויט דאַן קען מען ניט לערנען”. פרנסה איז נויטיק דערמיט צו קענען אַוועקזעצן זיך און לערנען.

„אויב עס איז ניטאָ קיין תורה איז רייכטום און פאַרמעגן ווערטלאָז”.

די לעצטע פראַזע קען אויך אויסגעטייטשט ווערן אויף פאָלגנ־דיקן אויפן: ווען אַלע זאָלן זיצן און לערנען און ניט באַשעפטיקן זיך מיט אַרבעט אָדער מסחר ווי אַקערן, פאַרזייען, שניידן, מאָלן דאָס מעל פאַר ברויט, וואָלטן דאָך מענטשן אויסגעגאַנגען פון הונגער. פאַרקערט, ווען אַלע זאָלן אַרבעטן און פאַרנאַכלעסיקן תורה וואָלט די וועלט ניט געהאַט קיין קיום. ביידע זאַכן תורה און דרך ארץ — אַרבעט זיינען נויטיק. אַ טייל מענטשן דאַרפן זיך פאַרנעמען מיט גייסט און אַנדערע מיט פיזישע אַרבעט — קמח און תורה נויטיק.

כב. הוא היה אומר: כל שחכמתו מרבה ממעשיו למה הוא דומה לאילן שענפיו מרבים ושרשיו מעטים והרוח באה ועוקרתו והופכתו על פניו שנאמר, והיה כערער בערבה ולא יראה כי יבוא טוב ושכן חררים במדבר ארץ מלחה ולא תשב, אבל כל שמעשיו מרבים מחכמתו למה הוא דומה לאילן שענפיו מעטים ושרשיו מרבים שאפילו כל הרוחות שבעולם באות ונושבות בו אין מזיזים אותו ממקומו שנאמר: והיה כעץ שתול על מים ועל יובל ישלח שרשיו ולא יראה כי יבא חום והיה עלהו רענן ובשנת בצרת לא ידאג ולא ימיש מעשות פרי.

ער פלעגט זאָגן: דער וואָס זיין חכמה איז מער ווי זיינע גוטע מעשים צו װאָס איז ער גלייך, „צו אַ בוים װאָס זיינע צװייגן זיינען פיל און זיינע װאָרצלען װייניק, און דער װינט קומט און רייסט אים אויס און װאַרפט אים אַראָפּ,“, ווי עס איז געזאָגט: „ער װעט זיין ווי אַן איינזאַמער בוים אין אַ פּוסטן פּלאַץ און װעט ניט זייען גוטעס. ער װעט רוען אין װיסטעניש, אַ געזאַלצן לאַנד ניט באַזעצט“. אָבער װען זיינע גוטע מעשים זיינען מער ווי זיין חכמה, צו װאָס איז ער גלייך צו אַ בוים װאָס זיינע צװייגן זיינען װייניק און זיינע װאָרצלען זיינען פיל, אפילו עס זאָלן קומען אַלע װינטן פון דער װעלט און בלאָזן אויף אים װעלן זיי אים ניט רירן פון אָרט, ווי ס׳װערט געזאָגט: „ער װעט זיין ווי אַ בוים װאָס איז געפלאַנצט ביי װאַסער און צעשפּרייט זיינע װאָרצלען. ער װעט ניט זייען װען אַ היץ קומט און זיינע בלעטער װעלן זיין פריש און פאַר אַ טרוקענעם יאָר דאַרף ער ניט זאָרגן און זיין פרוכט װעלן קיינמאָל ניט געמינערט װערן“.

רבי אלעזר בן עזריה אילוסטרירט די װערטער פון רבי חנינא בן דוסא אין אַ פריערדיקער משנה אַז מעשים טובים שטייען העכער ווי תורה און חכמה. ער פאַרגלייכט חכמה צו צװייגן פון אַ בוים און מעשים טובים צו די װאָרצלען. אַ מענטש ביי װעמען חכמה שטייט העכער ווי גוטע אויפפירונג איז געגליכן צו אַ בוים מיט אַ סך געדיכטע צװייגן, אָבער די װאָרצלען אין דער ערד זיינען װייניק און שװאַך. װען אַ שטאַרקער װינט קומט, רייסט ער אַרויס און װאַרפט אום דעם בוים. װען אַ מענטש לערנט אַ סך ווי שיין און גוט איז צו לעבן אַן אָרנטלעך פּראָדוקטיװ לעבן, אָבער ער פּראַק־טיצירט ניט װאָס ער לערנט איז צו דערװאַרטן אַז אַזוי שנעל ווי אַ שטורעם אין לעבן װעט קומען װעט ער זיך אָפּרייסן פון לערנען פּונקט ווי דער בוים מיט שװאַכע צװייגן. רבי אלעזר ציטירט אַ פאַרכטפולן אויסדרוק פון ירמיהו הנביא ווי ער מאָלט אויס װאָס עס װערט פון אַ בוים פאַרפלאַנצט אין דער מדבר פון װעלכן קיין גוטעס קען ניט קומען. דער יעניקער אָבער ביי װעמען מעשים טובים זיינען אַ סך אפילו װען זיין חכמה איז װייניק װייל די װאָרצ־לען זיינען געדיכט און געזונט װעט קיין שטורעם אים ניט אַװעק־רייסן ווי די װערטער פון ירמיהו: „אַ בוים פאַרפלאַנצט ביים װאַסער װערט ניט געשעדיקט“.

כג. רבי אלעזר בן חסמא אומר: קנין ופתחי נידה הן הן גופי הלכות תקופות וגמטראות פרפרות לחכמה.

רבי אלעזר בן חסמא זאָגט: די לערע פון טויבן קרבנות און פרויען־ריינקייט איז וויכטיק אַלס ערנסטע הלכות. די חשבונות פון צייט און געאָמעטריע זיינען גוט אַלס צושפייז פון חכמה נאָך די וויכטיקע ענינים.

די אומפאַרשטענדלעכע ווערטער ווערן דערקלערט: לערנען איז אַ וויכטיקע זאַך אפילו ווען דער ענין איז ניט פאַרשטענדלעך און ניט אינטערעסאַנט ווי למשל „קנין" אַ לימוד וועגן טויבן קרבנות אין צייט פון בית המקדש, אָדער דינים וועגן פרויען־ריינקייט. טראָץ דעם וואָס די לימודים זיינען ניט צוציענדיקע, ווייל דאָס זיינען הלכות וואָס שאַרפן דעם מוח. אַסטראָנאָמיע און געאָמעטריע וויסנשאַפט זיינען בלויז ווי אַ צושפייז נאָך דעם וואָס מען האָט אַלע תורה־לימודים דורכגעלערנט.

רבי חנניא בן עקשיא אומר: רצה הקדוש ברוך הוא לזכות את ישראל לפיכך הרבה להם תורה ומצוות שנאמר: ה' חפץ למען צדקו יגדיל תורה ויאדיר.

# פ ר ק ד׳

כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא שנאמר: ועמך כלם צדיקים לעולם יירשו ארץ, נצר מטעי מעשי ידי להתפאר.

**משנה א. בן זומא אומר: איזהו חכם, הלומד מכל אדם, שנאמר: מכל מלמדי השכלתי. איזהו גבור, הכובש את יצרו, שנאמר: טוב ארך אפים מגבור ומושל ברוחו מלוכד עיר. איזהו עשיר, השמח בחלקו, שנאמר: יגיע כפיך כי תאכל אשריך וטוב לך. אשריך בעולם הזה, וטוב לך לעולם הבא. איזהו מכבד המכבד את הבריות, שנאמר: כי מכבדי אכבד ובוזי יקלו.**

בן זומא זאָגט. װער איז אַ חכם, דער װאָס לערנט פון יעדן מענטש, װי עס איז געזאָגט: פון אַלע מיינע לערער בין איך קלוג געװאָרן, װייל דיין תורה רעדט צו מיר. װער איז אַ גבור? דער װאָס באַצװינגט זיין יצר הרע, װי עס איז געזאָגט: דער װאָס האַלט איין זיין כעס איז בעסער װי אַ פיזישער העלד, און דער װאָס הערשט איבער זיין גייסט איז שטאַרקער װי דער וואָס האָט איינגענומען אַ שטאָט. װער איז רייכער? דער װאָס פרייט זיך מיט זיין חלק. װי עס איז געזאָגט: „װען דו װעסט עסן װאָס פאַרדינסט מיט דער אַרבעט פון דיינע הענט, װעט דיר װויל און גוט זיין. װויל אויף דער וועלט און גוט אין דער קומענדיקער װעלט“. װער איז אַ בכבודיקער מענטש? דער װאָס האַלט ערלעך אַנדערע מענטשן, װי עס איז געזאָגט: „װער עס האַלט מיך ערלעך װעל איך זיי ערלעך האַלטן און די װאָס פאַרשעמען מיך װעלן פאַרשעמט װערן“.

שמעון בן זומא אַ גדול בתורה, אָבער ווייל ער איז געשטאָרבן יונג און ניט באַקומען סמיכה פון זיינע רביים, רופט זיך אויף זיין פאָטערס נאָמען — בן זומא. די משנה ברענגט זיינע געדאַנקען אין דער פאָרם פון קורצע פראַגן און ענטפערס אויף פאָלגנדיקן אופן:

1. ווער איז אַ חכם? דער וואָס לערנט פון יעדן מענטש, אפילו פון די וועלכע שטייען נידעריקער פון אים אין תורה און אין חכמה, דעמאָלט וועט ער זיכער קלוג ווערן און באַהאָוונט אין פאַרשיידענע ענינים, וועלכע מען קען ניט אַרויס באַקומען פון בלויז לערנען פון ספרים. דער פּאָפּולערער אויסדרוק „תלמיד חכם“ בווייזט, אַז דער חכם מוז אויך זיין אַ שטענדיקער תלמיד. בן זומא ציטירט אַ פסוק

אין תהילים: „מכל מלמדי השכלתי״ פון אַלע מיינע לערער האָב איך באַקומען פאַרשטענדעניש.

2. ווער איז אַ גבור? דער וואָס קען באַקעמפן זיינע זינדיקע פאַרלאַנגען. פיזישע שטאַרקייט איז ניט וויכטיק, ווייל אַ לייב און אַן אייזל איז שטאַרקער פון שטאַרקסטן מענטש. די וויכטיקייט פון גבורה איז די גייסטיקע. יעדער מענטש פאַרמאָגט אַ נייגונג צו פאַר־באָטענע פאַרגעניגנס אָדער אויפרעגונג פון כעס און שנאה. שטאַרק איז דער וועלכער איז בכוח צו באַקעמפן די נייגונג. שלמה המלך דערקלערט אין משלי: דער וואָס איז געדולדיק איז גרעסער ווי אַ זיגער אין מלחמה.

3. ווער איז רייך? דער וואָס איז צופרידן מיט זיין חלק וואָס ער פאַרמאָגט. רייכטום איז ניט אַ זיכערער מיטל פאַר גליק און פרייד. בלויז דער וואָס באַגנוגנט זיך מיט דעם וואָס ער פאַרדינט איז רייך און גליקלעך. ווי עס איז דאָ אין תהילים: ווען דו שפייזט זיך מיט דיין פאַרדינסט, וואויל איז צו דיר, וואויל איז צו דיר איצט און אין דער קומענדיקער וועלט.

4. ווער איז אַ בכבודיקער מענטש? דער וואָס האַלט בכבוד אַנדערע, ווייל דער כבוד וואָס אַ מענטש באַקומט ווען ער פאַרדינט ניט איז ווערטלאָז. אָבער ווען ער איז אַן איידעלער מענטש און פירט זיך אויף איידל און מיט כבוד פאַר זיינע מיטמענטשן דעמאָלט ווערט זיין אייגענער כבוד דערהויבן. בן זומא ציטירט שמואל הנביא׳ס אויסדרוק: „די יעניקע וועלכע זיינען מיך מכבד וועל איך זיי אָפּגעבן כבוד, אָבער וואָס באַליידיקן מיך וועלן פאַרשעמט ווערן״.

## ב. בן עזאי אומר: הוי רץ למצוה קלה כלחמורה, ובורח מן העברה. שמצוה גוררת מצוה ועברה גוררת עברה. ששכר מצוה מצוה, ושכר עברה עברה.

בן עזאי זאָגט: זאָלסט לויפן צו טון אַ גרינגע מצוה אזוי ווי צו אַ שווערע מצוה און אַנטלויף פון אַן עברה. ווייל אַ מצווה ציט צו אַן אַנדערע מצוה און איין עברה שלעפּט צו אַן אַנדערע עברה, ווייל דער שכר פון אַ מצוה טון איז וואָס עס ברענגט צו אַ צווייטער און דער שטראָף פאַר דער עברה איז וואָס עס שלעפּט צו אַנדערע זינד.

בן עזאי פונקט ווי בן זומא האָט ניט דערגרייכט די עלטער צו באַקומען סמיכה. זיין נאָמען איז אויך שמעון. אָבער ער ווערט גע־רופן אויף זיין פאָטער׳ס נאָמען. זיינע ווערטער זיינען אויך קורץ און טיף: יאָג זיך נאָך אַ קליינער מצוה מיטן זעלבן חשק און ענ־טוזיאַזם ווי צו אַ וויכטיקער מצוה. בן עזאי דערקלערט די אורזאַכע פאַר דעם אויף אַ פסיכאָלאָגישן וועג: ווען איינער פירט דורך אַ ווירדיקן טאַט און האָט הנאה פון דעם ציט אים צו טון נאָך אַ גרעסערע מצוה. אפילו ווען עס פאָדערט זיך אַ סך מי און פינאַנציעלן פאַרלוסט. אויך ווען מען באַגייט אַ קליינע עברה איינמאָל און אַ צווייט מאָל ציט דעם זינדער צו אַ גרעסערער עברה. אפילו ווען די הנאה פון דער זינד איז אומבאַדייטענד.

בן עזאי ראָט צו איינלעבן זיך אין אַ וועג צו טון גוטס דאַן וועט שוין די געלעגנהייט פון טון גוטע מעשים קומען אָפט. ער וואָרנט צו אַנטלויפן אפילו פון אַ קליינער עברה ווייל די סכנה איז גרויס דאָס גרעסערע און שווערע זינד וועלן קומען אַלס שלעכטער געוווינהייט.

## ג. הוא היה אומר: אל תהי בז לכל אדם, ואל תהי מפליג לכל דבר, שאין לך אדם שאין לו שעה, ואין לך דבר שאין לו מקום.

ער פלעגט זאָגן: דו זאָלסט ניט פאַרשעמען קיין מענטש און זאָלסט ניט דערחייטערן קיין זאַך, חייל עס איז ניט פאַראַן אַ מענטש חאָס האָט ניט זיין צייט און עס איז ניט פאַראַן קיין זאַך חאָס האָט ניט אַ פּלאַץ און געלעגנהייט.

בן עזאי וואָרנט קיינער זאָל ניט דערנידעריקן אַ צווייטן מענטש טראַכטנדיק אַז ער וועט קיינמאָל ניט דאַרפן צו אים. אויך זאָל קיי־נער ניט זאָגן מיט באַשטימטקייט, אַז די זאַך וואָס קען ברענגען שאָדן וועט קיינמאָל ניט פּאַסירן. ווייל אַ צייט קומט ווען דער קלענ־סטער מענטש אונטער אומדערוואַרטעטע אומשטענדן זאָל דערהויבן ווערן. אויך אַ זאַך וואָס זעט אויס אומוואַרשיינלעך פאַרצוקומען זאָל פּאַסירן, ווייל עס איז ניטאָ אַ מענטש וואָס זאָל ניט האָבן די מעג־

לעכקייט אונטער געוויסע אומשטענדן זיך דערהויבן צו אַ הויכן פּלאַץ און אומדערוואַרטעטע זאַכן זאָלן פּאַרקומען. די געשיכטע דערציילט פון אַ סך פאַלן ווען קליינע, נידעריקע מענטשן זיינען גרויס געוואָרן און האָבן געוועלטיקט איבער אַנדערע מיט אכזריות און פּאַסירונגען וואָס קיינער האָט ניט דערוואַרט זיינען פּאַרגעקומען.

## ד. רבי לויטס איש יבנה אומר: מאד מאד הוי שפל רוח, שתקות אנוש רמה.

רבי לויטס פון יבנה זאָגט: זיי זייער, זייער געפאַלן ביי זיך, ווייל די האָפנונג פון מענטש צום סוף איז ווערים.

אַלע מפרשים שטרייכן אונטער רבי לויטס ווערטער וועגן געפאַלנקייט ביי זיך וואָס ער באַנוצט צוויי מאָל דאָס וואָרט: „מאד", זייער, וואָס צייגט אַז אין דעם פאַל פון גאוה דאַרף אַ מענטש גיין צו אַן עקסטרעמען וועג, כאָטש אין אַנדערע מידות איז גוט אויסצוקלייבן דעם מיטלוועג, ווייל די סכנה פון אַריינפאַלן אין גדלות איז זייער גרויס. ס'איז דערפאַר נויטיק צו געדענקען דעם סוף פון אַ מענטש אַז עס איז ווערים אין קבר.

עס איז זייער וויכטיק צו געדענקען אַז דער אָנזאָג פון געפאַלנקייט איז נאָר פאַר דעם צוועק אַז אַ מענטש זאָל זיך ניט גרויס האַלטן קעגן זיינע מיטמענטשן, אָבער פאַר קיין פאַל זאָל אַ מענטש אָפּשטעלן די נאַטירלעכע וועלטלעכע אַקטיווקייט ווי חתונה האָבן, אַרבעטן און פירן מסחרים. עס איז ניט נויטיק זיך צו דערנידעריקן אין דער אָנוועזנהייט פון אַנדערע אָן אַ צוועק.

## ה. רבי יוחנן בן ברוקא אומר: כל המחלל שם שמים בסתר, נפרעים ממנו בגלוי, אחד שוגג ואחד מזיד בחלול השם.

רבי יוחנן בן ברוקא זאָגט: דער וואָס פאַרשוועכט גאָט'ס נאָמען באַהאַלטענערהייט וועט באַשטראָפט ווערן אין דער עפנטלעכקייט. סיי אומגערן אָדער במזיד ווערט באַשטראָפט ווען עס קומט צו חלול השם.

ווען אַ תלמיד חכם אָדער אַ פּאַראַנטוואָרטלעכער אידישער פּי־רער באַגייט אַ זינד באַהאַלטענערהייט און ער דענקט אַז מען וועט ניט אויסגעפונען, זאָגט רבי יוחנן אַז צום סוף וועט די זאַך אויפ־געדעקט ווערן און ער וועט באַקומען זיין שטראָף אין דער עפנטלעכ־קייט. ווען אַ תלמיד חכם אָדער אַן אַנדער בכבודיקע פּערזאָן, צו וועמען אַלעמענס אויגן זיינען געווענדט אַלס אַ ביישפּיל פון נאָבעלע אויפפירונג, ווערט געשטרויכלט אין זינדיקע אויפפירונג, דאַן ברענגט ער מיט זיינע מעשים צו חלול השם, ווייל דער פירער פאַרשוועכט דערמיט די תורה וואָס ער האָט געלערנט. מענטשן וועלן אים פ־ר־דאַמען צוזאַמען מיט זיין תורה און חכמה, דענקנדיק אַז תורה לערנען האָט קיין ווירקונג אויף די לערנער אום זיי אַרויפצופירן צו העכערע מעשים. דער תלמיד חכם דאַרף אָנווענדן אַלע זיינע כוחות ניט צו באַגיין קיין חלול השם אפילו אומגערן. די תורה דערציילט פון גרויסע אידישע פירער מיט משה רבנו אין דער שפּיץ, וואָס זיינען באַשטראָפט געוואָרן פאַר קליינע זינד דערמיט צו ווייזן אַ ביישפּיל צו די מאַסן.

חלול השם קען אויך פאַרשטאַנען ווערן, ווען אַ מענטש באַגייט אַ זינד ניט דערפאַר וואָס דער יצר הרע האָט אים אָנגערעדט, נאָר אַלס אַ כופר און הפקר מענטש, דאַן מאַכט ניט אויס צו ער האָט דאָס געטון בשוגג אָדער במזיד, ווייל עס איז געטון געוואָרן בחלול השם.

## ו. רבי ישמעאל בר רבי יוסי אומר: הלומד על מנת ללמד מספיקים בידו ללמוד וללמד; והלומד על מנת לעשות, מספיקים בידו ללמוד וללמד לשמר ולעשות.

**רבי ישמעאל זאָגט: דער וואָס לערנט כדי צו לערנען מיט אַנדערע גיט מען אים די געלעגנהייט אַליין צו לערנען און אויך לערנען אַנדערע. און דער וואָס לערנט מיט דעם צוועק צו טון מעשים טובים, דערגרייכט צו לערנען אַליין, אויך צו לערנען אַנדערע, און אָפּצוהיטן די געבאָטן און טון מצוות.**

רבי ישמעאל בר רבי יוסי דערקלערט אַז לערנען בלויז פאַר זיך צו זיין אַ תלמיד חכם איז ניט גענוג. אַ העכערע מדרגה איז ווען

דער צוועק פון לערנען איז אויך צו לערנען אַנדערע. דאַן העלפט מען אים אַז ער זאָל דערגרייכן אין אַ פולער מאָס דאָס לערנען און אויך די מעגלעכקייט צו לערנען אַנדערע. דער העכסטער צוועק פון לערנען איז ווען די כוונה איז צו לערנען בכדי צו טון מעשים טובים, דאַן גיט מען אים די געלעגנהייט צו דערגרייכן אַ הויכע מדרגה פון תורה־לערנען, פאַר זיך. ער וועט דאַן זיין אַ תלמיד חכם לויט זיין ווונטש, ער וועט אויך האָבן די געלעגנהייט צו לערנען אַנדערע און דער עיקר איז דאָס ער וועט קענען היטן אַלע געבאָטן און טון גאָבעלע מעשים.

ז. רבי צדוק אומר: אל תפרוש מן הצבור, ואל תעש עצמך כעורכי הדינים, ואל תעשה עטרה להתגדל בה, ולא קדרום לחפר בה, וכך היה הלל אומר: ודאשתמש בתגא חלף, הא למדת, כל הנהנה מדברי תורה, נוטל חייו מן העולם.

רבי צדוק זאָגט: זאָלסט זיך ניט אָפּטיילן פון צבור און דו זאָלסט זיך ניט מאַכן ווי אַ קענער פון געזעץ, און דו זאָלסט ניט מאַכן קיין קרוין פון דער תורה כדי זיך גרויס האַלטן, און ניט ווי אַ האַק צו גראָבן צו פאַרדינען פאַר פרנסה. און הלל פלעגט אויך אַזוי זאָגן, ווער עס באַנוצט זיך מיט דער תורה קרוין, האָט ער פאַרלוירן זיין עקזיסטענץ. ווייל ווען מען האָט פערזענלעך הנאה פון תורה, נעמט ער אַוועק פון זיך דאָס אייביקע לעבן.

רבי צדוק האָט געלעבט אין דער צייט פון חורבן, און האָט געפאַסט 40 יאָר דערמיט אויסצובעטן דער בית־המקדש זאָל ניט חרוב ווערן. ער זאָגט: אַ מענטש זאָל זיך ניט אָפּשיידן פון ציבור איבערהויפּט ווען די קהילה איז אין אַן עת צרה. רבי צדוק וואָרנט זיינע תלמידים ווען זיי זיצן אַלס שופטים, ניט מאַכן קיין אָנדייטונג פון קענטעניש אין דער האַנדלונג פון משפט. ער וואָרנט די בני תורה ניט צו מאַכן זייער תורה פאַר אַ קרוין צו באַקומען כבוד און ניט אַלס אַ גרובאייזן צו פאַרדינען פרנסה. ער ציטירט הלל הנשיא וואָס זאָגט, אַז דער וואָס באַנוצט זיך מיט דער קרוין פון תורה, פאַרלירט זיין שכר פון דער קומענדיקער וועלט.

פאַר אַ סך יאָרן האָבן תלמידי חכמים, רבנים און לערנער ניט געטאָרט באַקומען באַצאָלט פאַר זייער לערנען. דער איינפיר צו צאָלן רבנים און מלמדים איז געקומען פיל שפּעטער, ווען די אומשטענדן האָבן געפאָדערט צו באַלוינען די תורה־פירער, דערמיט פאַר זיי מעגלעך מאַכן צו טון זייער אַרבעט בשלמות אָן זאָרג פון פרנסה.

## ח. רבי יוסי אומר: כל המכבד את התורה, גופו מכובד על הבריות; וכל המחלל את התורה, גופו מחלל על הבריות.

רבי יוסי זאָגט: חער עס האַלט ערלעך די תורה חערט ער אויך בכבוד ביי מענטשן, און חער עס פאַרשחעכט די תורה, איז ער אויך מבוזה ביי מענטשן.

רבי יוסי זאָגט, אַז דער וואָס גיט אָפּ כבוד דער תורה וועט ער זיין געהערט ביי זיינע מיטמענטשן. דער תלמיד חכם וואָס פירט זיך אויף שיין און ווירדיק און באַהאַנדלט מענטשן מיט יושר, שאַפט דערמיט כבוד פאַר זיך און פאַר זיין תורה. ווען דער לערנער פאַרשוועכט די תורה מיט זיין שלעכטער אויפפירונג פאַרלירט ער זיין כבוד. מענטשן וועלן אים פאַראַכטן און צוזאַמען מיט אים קומט אויך די פאַרלוסט פון כבוד פאַר תורה און ער ברענגט בזיון פאַר זיך און אויך חלול השם.

דון יצחק אברבנאל שטרייכט אונטער דעם אויסדרוק: „גופו מכובד“, אַז דער תלמיד חכם דאַרף זיך האַלטן ריין און אַנציענד סיי מיט זיין קערפּער און אויך זיינע קליידער לכבוד דער תורה.

## ט. רבי ישמעאל בנו אומר: החושך עצמו מן הדין, פורק ממנו איבה וגזל ושבועת שוא, והגס לבו בהוראה, שוטה, רשע וגס רוח.

רבי ישמעאל זיין זון זאָגט: חער עס מיידט אויס משפּט, חאַרפט ער פון זיך אַראָפּ פיינדשאַפט, גזילה און פאַלש שחערן. און חער עס האַלט זיך גרויס מיט משפּטן איז ער אַ נאַר, אַ רשע און אַ בעל גאוה.

רבי ישמעאל ראָט זיינע חברים און תלמידים ווי זיך צו פירן אַלס ריכטער, ווען מען קומט צו זיי זיך לאָדן. ער זאָגט: דער שופט וואָס ציט זיך צוריק פון אַרויסגעבן אַ פסק דין נאָר ער לייגט פאָר צו די בעלי דין זיך אויסגלייכן צווישן זיך, מיידט אויס פיינטשאַפט צו אים פון דעם וואָס פאַרלירט דעם משפט. דער ריכטער איז אויך אין סכנה, אַלס בשר ודם, וועלכער קען מאַכן אַ טעות און פאַרמשפטן דעם גערעכטן, וואָס איז דאַן גזילה. אויך ווען די בעלי דין דאַרפן שווערן איז פאַראַן די מעגלעכקייט פון פאַלש שווערן. די אַלע אומ־אַנגענעמלעכקייטן קענען אויסגעמיטן ווערן ווען די בעלי דין גלייכן זיך אויס צווישן זיך. רבי ישמעאל האָט שאַרפע ווערטער קעגן אַ ריכטער וואָס פירט זיך מיט אַ שטאַרקער האַנט און איילט זיך אַרויס־צוגעבן אַ פסק דין. ער איז אַ נאַר, אַ רשע און אַ בעל גאוה.

## י. הוא היה אומר: אל תהי דן יחידי, שאין דן יחידי אלא אחד, ואל תאמר קבלו דעתי, שהם רשאים ולא אתה.

ער פלעגט זאָגן: זאָלסט ניט פסקנען אַליין, ווייל גאָט איז דער איינציקער וואָס קען אַליין אַרויסברענגען אַ פסק דין. זאָלסט ניט זאָגן איר מוזט אָננעמען מיין באַשלוס, ווייל זיי מעגן זיך אויף דיר פאַרלאָזן, אָבער דו קענסט ניט אַרויף צווינגען דיין באַשלוס אויף די אַנדערע ריכטער.

רבי ישמעאל זאָגט, כאָטש עס איז דערלויבט פאַר אַ שופט וואָס איז אָנערקענט אַלס אַ פעאיקער צו משפטן אין געוויסע אָנגעלעגנ־הייטן, איז אָבער מאָראַליש ראַטזאַם צו האָבן מיט זיך נאָך ריכטער, ווייל דאַן איז מען זיכער ניט צו מאַכן קיין טעות. דער הויפּט־ריכטער זאָל ניט אַרויפצווינגען זיין מיינונג אויף די אַנדערע שופטים, ווייל זיי זיינען די מערהייט און האָבן אַ רעכט צו זייערע מיינונגען.

## יא. רבי יונתן אומר: כל המקים את התורה מעוני, סופו לקימה מעושר, וכל המבטל את התורה מעושר, סופו לבטלה מעוני.

רבי יונתן זאָגט: ווער עס לערנט און האַלט אויף די תורה ווען ער איז אָרעם, וועט ער געהאָלפן ווערן און אויפהאַלטן זי פון רייכקייט, און דער וואָס איגנאָרירט די תורה פון רייכטום, וועט זיין ענדע זיין אַז ער וועט מבטל זיין תורה פון אָרעמקייט.

געווײנטלעך ווערן געגעבן צוויי אורזאַכן פאַר פאַרנאַכלעסיקן צו לערנען תורה און טון מעשים טובים: אָרעמקייט — אַן אָרעמאַן פאַרענטפערט זיך, אַז ער דאַרף זוכן פרנסה כדי זיך און זיין משפחה מפרנס זיין.

רייכקייט — ווען אַ מענטש איז רייך און האָט אַ סך געשעפטן, זאָגט ער, אַז ער האָט ניט קיין צייט זיך אַוועקזעצן לערנען, דאַוונען און מקיים זיין מצוות.

רבי יונתן זאָגט: דער יעניקער וואָס טראָץ זיין אָרעמקייט, געפינט צייט פאַר לערנען און אָפּהיטן מצוות, וועט באַלוינט ווערן, אַז די צייט וועט ברענגען ווען ער וועט קענען פירן דעם נאָבעלן לעבן אַלס אַ רייכער מענטש.

דער מענטש וואָס גיט אַלס תירוץ פאַר פאַרנאַכלעסיקן תורה און מצוות איבער זיין רייכטום, וועט באַשטראָפט ווערן דערמיט, אַז ער וועט ווייטער אַוועקשטיין פון דעם נאָבעלן וועג, אָבער זיין תירוץ וועט דאַן זיין, די אָרעמקייט.

## יב. רבי מאיר אומר: הוי ממעט בעסק, ועסוק בתורה, והוי שפל רוח בפני כל האדם. ואם בטלת מן התורה, יש לך בטלים הרבה כנגדך, ואם עמלת בתורה, יש לו שכר הרבה ליתן לך.

רבי מאיר זאָגט: טו ווייניקער מסחר און גיב צייט פאַר תורה לערנען. זיי ביי זיך נידעריק פאַר אַנדערע מענטשן. און אויב דו האָסט פאַרנאַכלעסיקט צו לערנען צוליב אַנדערע אַקטיוויטעטן, וועסטו האָבן אַ סך אַזעלכע סיבות צו שטערן דיין לערנען. און אויב האָסט זיך געמיט צו לערנען, טראָץ אַלע שטערונגען, האָט דער אויבערשטער אַ סך שכר דיר צו געבן.

רבי מאיר, דער חשובסטער תלמיד פון רבי עקיבא, וועמענס מיינונגען אין הלכה זיינען פאַרשפרייט אין משנה און גמרא, זאָגט

דאָ: זאָל דײַן צײַט און ענערגיע זײַן ווײניקער פאַר מסחר און מער פאַר תורה לערנען. ער וואָרנט דאָס אפילו ווען מען דערגרייכט די העכסטע מדרגה אין לערנען זאָל מען זײַן געפאַלן ביי זיך ווען מען איז מיט אַנדערע מענטשן.

רבי מאיר זאָגט ווען אַ מענטש שטייט אַוועק פון לערנען אפילו איבער אַ וויכטיקער סיבה, איז פאַראַן אַ סכנה אַז ער וועט אויפהערן לערנען צוליב אַנדערע אורזאַכן, ווייל פאַר דעם יעניקן וואָס שטעלט אָפּ לערנען פאַר וועלכע עס איז סיבה, וועלן זיך תמיד געפינען תירוצים קעגן תורה לערנען. מעגלך אַז רבי מאיר האָט געטראַכט אַז ווען אַ מענטש איז מבטל תורה און גיט אַ תירוץ אַז זײַן לערנען שטערט אים צו זוכן פּרנסה, וועט ער באַשטראָפט ווערן דאָס גאַנץ אַנדערע וועגן וועלן אים שטערן צו פאַרדינען כדי זיך מפרנס צו זײַן. דער אָבער וואָס שטרענגט זיך אָן צו לערנען, טראָץ אַלע שוועריקייטן וועט באַלוינט ווערן אין אַ פולער מאָס.

## יג. רבי אליעזר בן יעקב אומר: העושה מצוה אחת קונה לו פרקליט אחד, והעובר עברה אחת, קונה לו קטגור אחד. תשובה ומעשים טובים כתריס בפני הפורענות.

רבי אליעזר בן יעקב זאָגט: ווען איינער טוט אַ מצוה קויפט ער זיך איין אַדוואָקאַט און ווען ער באַגייט אַ זינד, באַקומט ער פאַר זיך אַן אָנקלאָגער. תשובה און גוטע מעשים זיינען ווי אַ שילד קעגן שטראָף.

די פּאָפּולאַרע אָנגענומענע אויסטייטשונג פון רבי אליעזר׳ס ווערטער זיינען דאָס, ווען די צייט פון געבן דין וחשבון קומט, דאַן קומען זיך צוזאַמען די פאַרשפּרעכער און די אָנקלעגער לויט דער צאָל פון די מצוות און עברות און ווען די וואָגשאָל וועגט איבער די מצוות איבעד רי עברות איז גוט פאַר דעם מענטש און פאַרקערט ווען די אָנקלעגער זיינען מערער דאַן ווערט ער געשטראָפט.

אייניקע מפרשים טייטשן אויס די ווערטער אונטערצושטרייכן דאָס עס איז ניטאָ קיין אויסטויש צווישן מצוות און עברות, נאָר יעדע מצווה איז באַלוינט באַזונדער און פאַר יעדע עברה באַזונדער

באַשטראָפט. רבי אליעזר ראָט די זינדער צו טון תשובה און גוטע מעשים, וואָס זיינען אַ מיטל קעגן שטראָף פאַר פאַרגאַנגענע זינד.

**יד. רבי יוחנן הסנדלר אומר: כל כנסיה שהיא לשם שמים, סופה להתקים, ושאינה לשם שמים, אין סופה להתקים.**

רבי יוחנן הסנדלר זאָגט: יעדער צוזאַמענקונפט וואָס איז פאַר אַ הייליקן אָדער וויכטיקן צוועק, וועט לאַנג אָנהאַלטן. און די גרופּע וואָס פאַרזאַמלט זיך פאַר פערזענלעכע צוועקן און ניט לשם שמים וועט קיין קיום ניט האָבן.

רבי יוחנן הסנדלר אַ באַרימטער תנא און געלערנטער, אַ תלמיד פון רבי עקיבא, לויט טראַדיציאָנעלע קוועלן האָט זיך מפרנס געווען אַלס אַ שוך־אַרבעטער, ווי אַ סך אַנדערע תנאים, וועלכע האָבן ניט באַקומען באַצאָלונג פאַר תורה לערנען, און האָבן זיך מפרנס געווען פון שווערע פיזישע אַרבעט.

רבי יוחנן זאָגט: ווען אַ גרופּע מענטשן קומען זיך צוזאַמען לשם שמים — צו לערנען, צו דיסקוטירן, צו העלפן אינדיווידואַלע מענטשן אָדער וויכטיקע אינסטיטוציעס פון תורה אָדער צדקה, דאַן וועט זייער אַרבעט און אויך דער צוזאַמענקומען אָנהאַלטן, ווייל דער צוועק איז אַ נאָבעלער און אַלע באַטייליקטע האָבן דעם זעלבן אידעאַל. ווען אָבער די אויפגאַבע פון זייער צוזאַמענקומען איז פאַר פערזענלעכע אַמביציעס — צו באַקומען כבוד, ווערן אַ באַאַמטער אָדער גאָר פאַר פינאַנציעלע נוצן דאַן וועט דער סוף זיין דאָס די עגאָאיסטישע מאָטיוון וועלן ברענגען צו צוזאַמענשטויסן און מחלוקת און דאַן וועט די אָרגאַניזאַציע צוזאַמענברעכן און אונטערגייען.

דער אויסדרוק „לשם שמים" איז, אַז אפילו ווען דער צוועק פון דער גרופּע איז אַ נאָבעלער, נאָר די אָנטיילנעמער האָבן פערזענלעכע כוונות פון כבוד באַקומען, דאַן איז דאָס ניט לשם שמים.

**טו. רבי אלעזר בן שמוע אומר: יהי כבוד תלמידך חביב עליך כשלך, וכבוד חברך כמורא רבך, ומורא רבך כמורא שמים.**

רבי אלעזר בן שמוע זאָגט: זאָל דער כבוד פון דיין תלמיד זיין ביי דיר אַזוי באַליבט ווי דיין אייגענער. און דיין חבר׳ס כבוד אַזוי הויך ווי דיין הערנ־פורכט פאַר דיין רבי׳ן און דיין יראת הכבוד פאר דיין רבי׳ן ווי די מורא פאַר גאָט.

רבי אלעזר בן שמוע טיילט איין די לערנער פון תורה אין דריי קאַטעגאָריעס: דער תלמיד וואָס איז קלענער — דער חבר וואָס איז גלייך און דער רבי וואָס איז העכער און ער ראָט אויפצופירן זיך מיט זיי אַביסל העכער ווי די לאָגיק דיקטירט, בכדי צו דערווייטערן פון זיך די שלעכטע מידה פון גאוה.

דער תלמיד זאָל באַהאַנדלט ווערן ווי דייך גלייכן און זיין כבוד זאָל אָפּגעהיט ווערן ווי דעם אייגענעם כבוד. דער חבר, וועלכער איז אין זעלבן שטאַנד, זאָל באַטראַכט ווערן ווי אַ רבי וואָס מען קען פון אים לערנען. און דער רבי זאָל געשטעלט ווערן אין אַ גאָר היכער מדרגה פאַר ועמען מען דאַרף מורא האָבן פונקט ווי פאַר גאָט, ווענענס תורה דער רבי לערנט.

דער ז׳ידיצ׳ובער רבי טייטשט — „מורא רבך כמורא שמים" מען זאָל מורא האָבן פאַר דעם רבי׳ן לויט דער מאָס וואָס דער רבי האָט יראת שמים.

## טז. רבי יהודה אומר: הוי זהיר בתלמוד, ששגגת תלמוד עולה זדון.

רבי יהודה זאָגט: זיי פאָרזיכטיק אין לערנען, ווייל צו מאַכן אַ טעות אומגערן אַלס אַ גייסטיקער פירער איז פאַררעכנט ווי אַ זינד במזיד.

רבי יהודה׳ס וואָרענונג איז צו די גייסטיקע פירער — די תלמידי חכמים, אַז זיי זאָלן אויסערגעוויינטלעך פאָרזיכטיק זיין אין לערנען אָדער אין אַרויסגעבן זייער פסק דין, ווייל די זינד פון נאָכלעסיקייט וואָס פירט צו מאַכן אַ טעות קען ניט פאַרגעבן ווערן אפילו ווען עס איז געטון געוואָרן אומגערן, ווייל אין אַזעלכע פאַלן וועט דער טעות פאַררעכנט ווערן ווי אַ זינד במזיד. די זעלבע וואָרע־נונג דאַרף געמאַכט ווערן צו פּאָליטישע פירער, אין וועמענס הענט

דאָס לעבן און ווילזיין פון די מאַסן איז איבערגעגעבן. אַזאַ אומפּאַר־זיכטיקער אַקט איז פאַררעכנט ווי זיי וואָלטן באַוווסטזיניק געבראַכט אַן אומגליק אויף זייער לאַנד, ווייל די יעניקע אין וועמענס הענט עס ליגט דער גורל פון אַנדערע טאָר ניט מאַכן קיין טעות.

## יז. רבי שמעון אומר: שלשה כתרים הן — כתר תורה, כתר כהונה, וכתר מלכות; וכתר שם טוב עולה על גביהן.

יז. רבי שמעון זאָגט: פאַראַן דריי קרוינען — די קרוין פון תורה, די קרוין פון אַ כהן און די קרוין פון אַ מלך. און די קרוין פון אַ גוטן נאָמען גייט איבער זיי אַלע.

פון די דריי קרוינען וואָס באַשיינען די קעפּ פון די אויסדער־ווילטע איז בלויז איין קרוין — פון תורה קען יעדער איר דער־גרייכן דורך שווערער מי, גרויס חשק און התמדה. דער קרוין פון כהונה קען באַקומען בלויז דער וואָס קומט פון משפחה פון כהנים. אויך די קרוין פון מלוכה באַלאַנגט צו מיטגלידער פון דער קעניג־לעכער פאַמיליע און אין זעלטענע פאַלן צו אויסערגעוויינטלעכע באַגאַבטע און העראָאישע יחידים, וועמען דאָס פאָלק קרוינט אַלס הערשער.

רבי שמעון אונטערשטרייכט, אַז דער קרוין פון אַ גוטן נאָמען, וואָס יעדער מענטש קען דערגרייכן דורך נאָבעלע אויפפירונג און מעשים טובים שטייגט איבער אפילו די מלוכה קרוין.

עס קען אויך פאַרשטאַנען ווערן, אַז די אַלע דריי קאַטעגאָריעס, דערמיט צו דערגרייכן אַ הויכע מדרגה און די פאַרערונג פון מענטשן, מוזן זיי אויך טראָגן אַ קרוין פון אַ גוטן נאָמען. עס איז ניט גענוג צו זיין אַ גרויסער למדן, אַ כהן גדול אָדער אַ קעניג כדי צו זיין באַליבט און געאַכטעט ביי מענטשן. דער תלמיד חכם, דער כהן און דער מלך דאַרפן זיך אויפפירן שיין און נאָבעל און מאַכן פאַר זיך אַ גוטן נאָמען, ערשט דעמאָלט קען יעדער פון זיי טראָגן זיין קרוין מיט כבוד.

## יח. רבי נהוראי אומר: הוי גולה למקום תורה, ואל תאמר שהיא תבוא אחריך, שחבריך יקימוה בידך, ואל בינתך אל תשען.

רבי נהוראי זאָגט: זאָלסט פאַרטריבן װערן צו אַן אָרט פון תורה, און זאָלסט ניט זאָגן אַז די תורה װעט קומען צו דיר, אַז דײַנע חברים װעלן די תורה אויפהאַלטן פאַר דיר, און פאַרלאָז זיך ניט אויף דײַן אײגענעם פאַרשטאַנד.

רבי נהוראי׳ס װערטער פּאַסן זיך מײסטנס צו אַ יונגן מענטש, װעלכער װיל לערנען, איז בעסער פאַר אים צו פאַרלאָזן זײַן משפּחה און אַװעק אין אַ ישיבה, װוּ ער װעט אָן שטערונג שטודירן. ער זאָל ניט דענקען, אַז ער װעט דערגרײכן זײַן אַמביציע אין דער הײם און צװישן חברים, און ער זאָל זיך ניט פאַרלאָזן אויף זײַן אײגענעם פאַרשטאַנד און פעאיקײט, װײל צו דערגרײכן אַ הויכע מדרגה אין לערנען מוז אַ מענטש שװער אַרבעטן. דער טאָג־טעגלעכער איד אין אונדזער צײט זאָל זיך אָנשטרענגען צו מאַכן זײַן הײם אין אַ פּלאַץ פון תורה, קולטור און אידישע געזעלשאַפט, אפילו װען ער דאַרף פינאַנציעל לײדן. צום באַדויערן האָבן אַ צאָל אידן זיך באַזעצט אין פּלעצער אין װעלכע עס איז ניטאָ קײן אידיש לעבן כדי צו מאַכן אַ דאָלאַר און זײ זײַנען פאַרפרעמדט געװאָרן פון אידן און פון אידישקײט.

## יט. רבי ינאי אומר: אין בידינו לא משלות הרשעים ואף לא מיסורי הצדיקים.

רבי ינאי זאָגט: מיר פאַרשטײען ניט פאַר װאָס די רשעים לעבן זיך רויִק און די צדיקים לײדן אָפט יסורים.

רבי ינאי׳ס װערטער, אַז מיר װײסן ניט און פאַרשטײען ניט גאָט׳ס װעגן זײַנען אין אַלע צײטן דעבאַטירט געװאָרן און קײן קלאָרן ענטפער ניט געגעבן. די גלויביקע מענטשן זײַנען צופרידן מיט דעם ענטפער, אַז אונדזער װעלט איז בלויז אַ פאָרצימער צו דער קומענ־דיקער װעלט. די רשעים נוצן אויס זײער ביסל פאַרגעניגן אויף דער

וועלט און פאַרלירן יענע וועלט. דאַקעגן די צדיקים — זאַמלען אַן זייער שכר לעתיד לבוא.

## כ. רבי מתיא בן חרש אומר: הוי מקדים בשלום כל אדם, והוי זנב לאריות, ואל תהי ראש לשועלים.

רבי מתיא בן חרש זאָגט: פעדער זיך צו באַגריסן יעדן מענטש, און זיי אַן עק צו לייבן און ניט קיין קאָפּ צו פוקסן.

רבי מתיא לערנט אונדז דאָ אַ ווונדערבאַרע מידה ווי זיך אויפֿצופירן מיט מענטשן. ניט נאָר זאָל מען ענטפערן אויף אַ באַגריסונג, נאָר צו זיין דער ערשטער צו באַגריסן יעדן מענטש אָן אונטערשייד, סיי דער מענטש איז רייך אָדער אָרעם, באַרימט אָדער פון אַ נידעריקן שטאַנד.

ער ראָט צו זיין אַן עק צו לייבן איידער אַ קאָפּ צו פוקסן.

די נייגונג פון מענטשן איז אָנערקענט צו ווערן אַלס אַ פירער און עס ציט אים צו געזעלשאַפט פון קלענערע. זאָגט רבי מתיא, אַז עס איז וויכטיקער צו גיין צו מענטשן פון וועלכע מען קען לערנען ווען מען הערט זיך צו צו זייערע רייד איידער צוזאַמענקומען זיך מיט קלענערע פון זיך, טראָץ דעם וואָס מען האָט הנאה צו זיין דער פירער, אָבער מען קען קיין זאַך פון זיי ניט לערנען. פאַראַן אַ שפּריכוואָרט: דער עק פון אַ לייב איז אַלץ אַ לייב; דער קאָפּ פון אַ פוקס איז אַלץ אַ פוקס.

## כא. רבי יעקב אומר: העולם הזה דומה לפרוזדור בפני העולם הבא. התקן עצמך בפרוזדור כדי שתכנס לטרקלין.

רבי יעקב זאָגט: די וועלט איז גלייך ווי אַ פאָרהויז פאַר יענער וועלט. גרייט זיך צו אין פאָרהויז, כדי דו זאָלסט קענען אַרייַגיין אין פּאַלאַץ.

רבי יעקב ראָט אַז אַ מענטש זאָל זיך צוגרייטן מיט מצוות און מעשים טובים אויף דער וועלט וואָס איז אַ פאָרהויז צו דעם פּאַלאַץ,

עולם הבא. ער דענקט אַז די נאָבעלע מענטשן דאַרפן דערוואַרטן זייער שכר אין דער קומענדיקער וועלט לויט די מעשים טובים וואָס ער האָט געטון. לויט דעם באַגריף ווערט פאַרענטפערט די פראַגע פון אַ פריערדיקער משנה. פאַרוואָס די רשעים לעבן רואיק און צדיקים ליידן, ווייל דער לוין קומט שפעטער לעולם הבא.

## כב. הוא היה אומר: יפה שעה אחת בתשובה ומעשים טובים בעולם הזה מכל חיי העולם הבא, ויפה שעה אחת של קורת רוח בעולם הבא מכל חיי העולם הזה.

**ער פלעגט זאָגן: עס איז בעסער איין שעה פון תשובה און גוטע מעשים אויף דער וועלט ווי דער גאַנצער לעבן פון יענער וועלט און עס איז בעסער איין שעה פון גייסטיקער הנאה אויף יענער וועלט ווי דער גאַנצער לעבן פון דער וועלט.**

רבי יעקב אַנאַליזירט אַ טיפן פסיכאָלאָגישן געדאַנק וועגןביידע וועלטן. די אויפגאַבן אויף דער וועלט זיינען זיך צוגרייטן מיט נאָבעלע מעשים פאַר יענער וועלט. דאָ האָבן זיי די געלעגנהייט צו טון גוטעס און לעבן אַ שיין נאָבעל לעבן, דאָס קען ניט מער געטון ווערן נאָכדעם ווי דער מענטש גייט אַוועק פון דער וועלט. עס איז דערפאַר בעסער די קורצע צייט פון מענטשנס לעבן, ווו ער האָט די געלעגנהייט הנאה צו האָבן פון גוטעס בעסער ווי אויף יענער וועלט ווו עס איז מער די געלעגנהייט ניטאָ. אָבער ווען מען קומט שוין לעולם הבא דאן איז די הנאה און רואיקייט בעסער פון גאַנצן לעבן אויף דער וועלט.

רבי חיים וואָלאָזינער האָט דערקלערט די משנה אויף אַ פשוטן אופן: דער יעניקער וואָס דינט גאָט אַלס ליבע און ניט צוליב באַקומען שכר, האָט מער הנאה פון טון די מצוה ווי דער שכר וואָס ער וועט באַקומען. דער איינער וועלכער טראַכט וועגן דעם שכר, איז פאַר אים די הנאה פון לוין אויף יענער וועלט וויכטיקער ווי די תשובה ומעשים טובים.

**כג. רבי שמעון בן אלעזר אומר: אל תרצה את חברך בשעת כעסו, ואל תנחמהו בשעה שמתו מוטל לפניו, ואל תשאל לו בשעת נדרו, ואל תשתדל לראותו בשעת קלקלתו.**

רבי שמעון בן אלעזר זאָגט: זאָלסט ניט פּראָבירן ברואיקן דיין חבר װען ער איז אין כעס. און זאָלסט אים ניט טרייסטן װען זיין מת ליגט פאַר אים, און זאָלסט ניט אויספרעגן אים װען ער גיט אַ נדר, און זאָלסט ניט זיין נייגעריק צו זען אים װען ער איז באַגאַנגען אַ זינד.

אין די װערטער פון רבי שמעון זיינען פאַראַן שיינע מידות און אַ סך חכמה.

1. װען אַ מענטש איז אויפגערעגט און אין כעס איז ער ניט מסוגל זיך צוצוהערן צו די װערטער װאָס אַן אַנדערער רעדט אים צו באַרואיקן, װייל אין זיין אויפגערעגטן צושטאַנד איז ער ניט גרייט צו נעמען עצות פון אַנדערע און ער װעט נאָך װערן מער אין כעס. עס איז ראַטזאַם צו װאַרטן ביז דער מענטש באַרואיקט זיך און איז פאַסיק צו הערן און פאַרשטיין.

2. אין דער צייט װען אַ מענטש באַקלאָגט אַ נאָענטן װאָס ליגט נאָך פאַר זיינע אויגן װעט ער אין דעם מאָמענט ניט אָננעמען קיין טרייסט. עס איז דערפאַר לויטן אידישן דין ניט דערלויבט צו טרייסטן אבלים ביז נאָך דער קבורה.

3. װען אַ מענטש טוט אַ נדר אין אַן אויפגערעגטן צושטאַנד זאָל מען אים ניט אויספרעגן װעגן די פּרטים פאַר זיין נדר בכדי אים צו געבן אַ געלעגנהייט צו פאַרלייכטערן די תנאים פון זיין נדר שפּעטער װעט ער װעט זיך באַרואיקן.

4. עס איז ראַטזאַם אַװעק צו שטיין פון אַ מענטש אין דער צייט װען ער איז באַגאַנגען אַ זינדיקע טאַט דערמיט אים ניט אויפ־רעגן און פאַרשעמען. בעסער איז צו װאַרטן און אויסגעפונען די איינצלהייטן און אויב מעגלעך אים העלפן גוט צו מאַכן זיין זינד.

כד. שמואל הקטן אומר: בנפול אויבך אל תשמח, ובכשלו אל יגל לבך, פן יראה ה׳ ורע בעיניו והשיב מעליו אפו.

שמואל הקטן פלעגט זאָגן: אַז דיין פיינט פאַלט זאָלסט דו זיך ניט פרייען, און אַז ער ווערט געשטרויכלט זאָל דיין האַרץ ניט ווערן לוסטיק, ווייל ווען גאָט וועט דאָס זען וועט אים ניט געפעלן און ער וועט פון אים אָפּקערן זיין צאָרן אויף דיר.

די וואָרענונג פון שמואל הקטן איז אַ פּסוק אין משלי. אַלס אַ תלמיד חכם מיט שיינע מידות און גוט האַרץ האָט ער גאַנץ אָפט נאָכגעזאָגט דעם געדאַנק פון משלי. ווי באַקאַנט איז דער יצר הרע ביי געוויינטלעכע מענטשן שטאַרק ווען עס קומט צו שנאה און קנאה און עס איז נאַטירלעך, אַז אַ מענטש זאָל זיך פילן גוט ווען ער זעט אַז זיין שונא וואָס האָט אים שלעכטס געטון ליידט און פאַלט נידע־ריק. נקמה איז איינע פון די פּאָפּולאַרסטע געפילן ביי מענטשן. שמואל הקטן ברענגט אַרויס דעם געדאַנק אַז גאָט גלייכט ניט אַז מענטשן פרייען זיך אויף אַ צווייטנס אומגליק אפילו ווען ער איז אַ שונא. און דער יעניקער וואָס פרייט זיך מיט אַ צווייטנס ליידן וועט באַשטראָפט ווערן, אַז די יסורים וועלן אַוועקגענומען ווערן פון אים און וועלן אַרויפגעוואָרפן ווערן אויף דעם וואָס זוכט נקמה אפילו אין זיין פיינט.

כה. אלישע בן אבויה אומר: הלומד ילד למה הוא דומה, לדיו כתובה על ניר חדש, והלומד זקן למה הוא דומה, לדיו כתובה על ניר מחוק.

אלישע בן אבויה זאָגט: דער וואָס לערנט יונגערהייט צו וואָס איז ער גלייך? צו טינט וואָס איז געשריבן אויף ניי פּאַפּיר. און ווער עס הויבט אָן לער־נען אויף דער עלטער צו וואָס איז ער גלייך? צו טינט וואָס איז געשריבן אויף פּאַפּיר וואָס איז אָפּגעמעקט.

אלישע בן אבויה איז געווען אַ קאָלעגע פון רבי עקיבא און רבי מאירס רבי. אַ גרויסער תלמיד חכם וואָס האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין גריכישער פילאָזאָפיע און איז אַוועק פון אידישן גלויבן. ער איז דאַן באַזייטיקט געוואָרן פון זיינע קאָלעגן און באַקומען דעם נאָמען „אחר" — אַן אַנדערער. רבי מאיר, טראָץ דער האַנדלונג פון זיין רבין האָט אָנגעהאַלטן זיין פאַרבינדונג מיט אים: געלערנט פון אים תורה און צוריקגעוויזן זיינע אפיקורסישע אידעען.

אין דער דאָזיקער משנה דערקלערט ער: ווען אַ מענטש הויבט אָן לערנען ווען ער איז אַ יונג קינד, איז גלייך ווי שרייבן אויף ביי פריש פאַפיר ווען די שריפט איז קלאָר. דער קינדערשער מוח איז מסוגל אַריינצונעמען און פאַרשטיין די לערע און די געדאַנקען. ווען אַן אַלטער מענטש הויבט אָן לערנען ווען זיין מוח איז אָנגעפילט מיט אַלערליי געדאַנקען, דאַן איז פאַר אים שווער איבערצונעמען די געדאַנקען, פונקט ווי מען שרייבט אויף אַ גענוצטן אָפּגעמעקט בלאַט. דאַן מוז מען נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל איבערשרייבן בכדי צו פאַרדעקן דאָס פריער געשריבענע. עס איז דערפאַר ראַטזאַם אַז דאָס לערנען זאָל זיך אָנהויבן אין דער יוגנט ווען דער מוח איז פריש. דאָס לערנען האָט דאַן אַ רושם און עס פאַרבלייבט אויף דעם גאַנצן לעבן.

## כו. רבי יוסי בר יהודה, איש כפר הבבלי אומר: הלומד מן הקטנים למה הוא דומה, לאוכל ענבים קהות ושותה יין מגתו; והלומד מן הזקנים למה הוא דומה, לאוכל ענבים בשלות ושותה יין ישן.

רבי יוסי בר יהודה זאָגט: דער וואָס לערנט פון יונגע צו וואָס איז ער גלייך? צו דעם וואָס עסט אומצייטיקע ווינטרויבן און טרינקט וויין פון זיין קעלטער. אָבער דער וואָס לערנט תורה פון אַלטע איז געגליכן צו דעם וואָס עסט צייטיקע ווינטריבן און טרינקט אַלטן וויין.

רבי יוסי דערקלערט, אַז דער לערער פּונקט פאַרקערט פון תלמיד איז בעסער ווען ער איז עלטער. וואָס יונגער דער תלמיד איז, אַלץ בעסער איז פאַר דעם דערפאָלג פון לערנען, ווי עס איז

דערקלערט אין דער פריערדיקער משנה. צו לערנען אַ צווייטן — וואָס עלטער אַלץ בעסער.

רבי יוסי פאַרגלייכט דעם וואָס לערנט פון יונגע צו דעם וואָס עסט אומצייטיקע זויערע ווייַנטרויבן און טרינקט וויין וואָס איז נאָך ניט אויסגעשפּילט. ביידע זאַכן זיינען ניט באַטעמ׳ט און שווער צו פאַרדייען. ווען די לערער זיינען עלטערע און דערפאַרענע, איז פאַר דעם תלמיד פּונקט ווי ער עסט צייטיקע ווייַנטרויבן און טרינקט געשמאַקן אַלטן וויין, ווייל דער דערפאַרענער לערער איז אומשטאַנד צו דערקלערן די לימודים קלאָר.

## כז. רבי מאיר אומר: אל תסתכל בקנקן אלא במה שיש בו; יש קנקן חדש מלא ישן, וישן שאפילו חדש אין בו.

**רבי מאיר זאָגט: זאָלסט ניט קוקן אויפן קרוג נאָר אויף דעם וואָס איז אינעווייניק, פאַראַן אַ נייער קרוג וואָס איז פול מיט אַלטן וויין און אַן אַלטער קרוג וואָס איז ליידיק אפילו פון נייעם וויין.**

רבי מאיר דער באַרימטער געלערנטער שטימט ניט איין מיט רבי יוסי וואָס זאָגט אַז מען זאָל זיך לערנען פון לערער וואָס זיינען אַלט און דערפאַרן און ניט פון יונגע. רבי מאיר זאָגט, אַז דער אויסערלעכער אויסזען איז פּונקט ווי אַ קרוג וואָס קען זיין אַלט, און גאָר ניט האָבן אין זיך און אַ נייער קרוג וואָס איז אָנגעפילט מיט אַלטן וויין. פאַראַן יונגעלייט וועלכע האָבן געלערנט און זיינען אויך פעאיק צו לערנען אַנדערע און פאַראַן עלטערע וואָס זייער מוח איז ליידיק און קענען ניט לערנען אַנדערע. רבי מאיר אַליין האָט זיך אויפגעפירט אַזוי. ער האָט געזוכט אין זיין רבי׳ן קענטעניש און האָט איגנאָרירט זיין אויסזען און אפילו זיין וועג פון אמונה. ווי באַקאַנט האָט רבי מאיר געלערנט תורה אפילו פון „אחר״, אַ תלמיד חכם וואָס איז אַראָפּ פון אידישן וועג און געוואָרן אַן אפיקורס. טראָץ דעם איז רבי מאיר אים נאָכגעגאַנגען דערמיט זיך לערנען פון אים די דינים און הלכות מיט וועלכע „אחר״ איז געווען געניי באַקאַנט.

כח. רבי אלעזר הקפר אומר: הקנאה, והתאוה והכבוד מוציאין את האדם מן העולם.

רבי אלעזר הקפר זאָגט: קנאה, ניט פאַרגינען אַ צווייטן, נאָכגעבן די גליסטונגען און כבוד זוכן, נעמען אַוועק דעם מענטשן פון דער וועלט.

רבי אלעזר וואָרנט אין קורצע ווערטער קעגן די דריי שווערע זינד:

1. קנאה — ניט פאַרגינען אַ צווייטן זיין גליק און שאַפן פאַר זיך אַ דראַנג צו איבערשטייגן דעם אַנדערן אין רייכטום און גליק. אַן אויסנאַם ווערט געמאַכט פאַר די וואָס ווילן איבערשטייגן אַנדערע אין תורה און אין חכמה. דאָס ווערט אָנגערופן „קנאת סופרים". ווען דאָס ווערט געטאָן אָן זייטיקע פּערזענלעכע כוונות, נאָר צוליב תורה און חכמה.

2. תאוה — נאָכגעבן דעם יצר הרע. אַ מענטש מיט אַ שוואַכע נאַטור לאָזט זיך אַריינשלעפּן אין זינדיקע מעשים און איז ניט בכוח צו באַקעמפן זיין יצר הרע.

3. כבוד זוכער — דער זינדיקער געדאַנק ניט צו טון קיין זאַך סיידן מ'באַקומט כבוד און לויב.

די אַלע דריי זינדיקע זאַכן — קנאה צווישן מענטש און מענטש, תאוה צווישן מענטש און גאָט און כבוד זוכן, קעגן מענטשן און גאָט פאַרקירצן דעם מענטשנס לעבן אויף דער וועלט און פאַרלירט אויך יענע וועלט.

כט. הוא היה אומר: הילודים למות, והמתים לחיות, והחיים לדון, לידע ולהודיע שהוא אל, הוא היוצר, הוא הבורא, הוא המבין, הוא הדיין, הוא העד, הוא בעל דין, הוא עתיד לדון; ברוך הוא שאין לפניו לא עולה, ולא שכחה, ולא משוא פנים, ולא מקח שוחד, שהכל שלו, ודע שהכל לפי החשבון. ואל יבטיחך יצרך שהשאול בית מנוס לך. שעל כרחך אתה נוצר, ועל כרחך אתה נולד ועל כרחך אתה חי, ועל כרחך אתה עתיד

## ליתן דין וחשבון לפני מלך מלכי המלכים, הקדוש ברוך הוא.

רבי אלעזר פלעגט זאָגן: די וואָס זיינען געבוירן וועלן שטאַרבן. די טויטע וועלן לעבעדיק ווערן. די לעבעדיקע וועלן געמשפּט ווערן. מען דאַרף וויסן און לאָזן וויסן אַז ער איז גאָט, דער פאָרמירער, דער באַשעפער, וואָס פאַרשטייט. ער איז דער ריכטער, דער עדות, דער בעל דין וואָס וועט משפּטן. געלויבט איז ער וואָס פאַר אים איז ניט פאַראַן קיין עולה, קיין פאַרגעסן, קיין אומרעכט, קיין כאַבאַר, ווייל אַלעס איז זיינס און אַלעס איז ריכטיק. זאָלסט זיך ניט איינ־רעדן אַז דער גרוב איז דער לעצטער זיכערער פּלאַץ, ווייל מיט געוואַלד דאַרפן אָפּגעבן דין וחשבון פאַר דעם קעניג פון קעניגן, דער הייליקער, געלויבט איז ער.

רבי אַלעזר פאַרענדיקט דעם פערטן פּרק מיט טיף רעליגיעזע געדאַנקען — אַלע מענטשן מוזן שטאַרבן, וועלן לעבעדיק ווערן און וועלן געמשפּט ווערן. ער שטרייכט אונטער די טיפע אמונה אַז עס איז פאַראַן אַ באַשעפער און אויפזעער און ריכטער. לויט יושר און אמת. ער ווייזט אָן אַז יעדער מענטש איז אויף דער וועלט בלויז אַ גאַסט. מען האָט אים ניט געפרעגט צו ער וויל קומען, ווי לאַנג ער זאָל שטיין, ווען ער זאָל אַוועקגיין. ער איז אָבער פאַראַנטוואָרט־לעך פאַר זיינע מעשים, ווייל די בחירה צו זיין גוט אָדער שלעכט איז אים געגעבן געוואָרן, און דאַרף דערפאַר אָפּגעבן דין וחשבון פון זיינע מעשים. זיכער איז דאָס גאָט, דער ריכטער איז הערלעך, נעמט ניט קיין שוחד און דער משפּט איז אַ גערעכטער. אמת׳דיק און מיט יושר.

## רבי חנניא בן עקשיא אומר: רצה הקדוש ברוך הוא לזכות את ישראל, לפיכך הרבה להם תורה ומצות, שנאמר: ה׳ חפץ למען צדקו יגדיל תורה ויאדיר.

# פ ר ק ה׳

כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא שנאמר: ועמך כלם צדיקים לעולם יירשו ארץ, נצר מטעי מעשי ידי להתפאר.

משנה א. בעשרה מאמרות נברא העולם. ומה תלמוד לומר, והלא במאמר אחד יכול להבראות, אלא להפרע מן הרשעים, שמאבדין את העולם, שנברא בעשרה מאמרות, ולתן שכר טוב לצדיקים, שמקימין את העולם שנברא בעשרה מאמרות.

מיט צען רייד איז די וועלט באַשאַפן געוואָרן, וואָס קען מען דערפון לער־נען? ווייל די וועלט וואָלט דאָך געקענט באַשאַפן ווערן מיט איין מאמר, אָבער דאָס איז, בכדי צו באַשטראָפן די רשעים וועלכע מאַכן פאַרלירן אַזאַ וועלט וואָס איז באַשאַפן געוואָרן דורך צען רייד און צו געבן אַ גוטן לוין צו די צדיקים וואָס האַלטן אויף די וועלט וואָס איז באַשאַפן דורך צען מאמרות.

די טיפע געדאַנקען וואָס ווערן אַרויסגעבראַכט אין דעם פרק זיינען פאָלקסטימלעך און פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן פאָלק מערסטנס אָן אַ נאָמען פון מחבר. עס איז דאָ נאָכגעפאָלגט אַ סיסטעם באַזירט אויף ציפערן — אָנהויבנדיק מיט צען, דערנאָך זיבן און פיר, ווייל די אַלע ציפערן האָבן אַ הויכע באַדייטונג פאַר די פאָלקסמאַסן.

די משנה הויבט אָן מיט צען וואָס איז טראַדיציאָנעל אָנגענומען אַלס אַ הייליקער מספר: די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן דורך צען געטלעכע אויסדרוקע און באַפעלן. ווי עס ווערט פאַרצייכנט אין בראשית — ניין מאָל האָט גאָט באַפוילן די באַשאַפונג אָנהויבנדיק מיט „יהי אור" זאָל זיין ליכט, ביז די באַשאַפונג איז פאַרטיק גע־וואָרן. דער צענטער מאָמר איז דער אויסדרוק אין תהילים: דורך גאָט׳ס וואָרט איז די וועלט באַשאַפן געוואָרן.

די משנה פרעגט וואָס קען מען פון דעם לערנען און ענטפערט: מען לערנט פון דעם אַז גאָט האָט באַשאַפן די וועלט מיט צען רייד און ניט דורך איין מאמר, בכדי די רשעים זאָלן שווער באַשטראָפט ווערן, און די צדיקים זאָלן באַקומען אַ גוטן לוין.

**ב. עשרה דורות מאדם ועד נח, להודיע כמה ארך אפים לפניו, שכל הדורות היו מכעיסין לפניו עד שהביא עליהם את מי המבול.**

צען דורות זיינען געווען פון אדם ביז נח. צו לאָזן וויסן, ווי לאַנג דער באַשעפער האָט אויפגעהאַלטן זיין צאָרן. ווייל אַלע די דורות האָבן אים דערצערנט אָבער גאָט האָט געוואַרט ביז נח, ווען ער האָט אויף זיי געבראַכט די וואַסער פון מבול.

אין דער תורה ווערט דערציילט וועגן די זינדיקע מענטשן אין נח׳ס צייטן, אַז זיי זיינען באַגאַנגען שרעקלעכע פאַרברעכנס פון אוממאָראַלישקייט, מאָרד און רויב. אָבער עס איז זיכער אַז די מענטשן פון די אַלע צען דורות האָבן שווער געזינדיקט און פאַרדינט די שטראָף פון מבול. אָבער גאָט האָט באַוויזן צו זיין געדולדיק צוליב די געציילטע אָרנטלעכע און גוטע מענטשן אין יעדן דור ביז נח, ווען די וועלט האָט דערגרייכט די נידעריקסטע מדרגה, ווען אַלע זיינען געווען רשעים און דער איינציקער צדיק איז געווען נח, וועלכער האָט זיך און זיין משפחה און אויסגעקליבענע באַשעפענישן פון יעדן מין געראַטעוועט אין דער תיבה. דער געדולד פאַר צען דורות פון רשעים ביים באַשעפער איז בכדי מענטשן זאָלן זיך לערנען צו זיין געדולדיק און ניט אַריינפאַלן באַלד אין כעס ווען זיי פילן אַז אַן עולה איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן זיי.

**ג. עשרה דורות מנח ועד אברהם, להודיע כמה ארך אפים לפניו, שכל הדורות היו מכעיסין ובאין עד שבא אברהם וקבל שכר כלם.**

צען דורות זיינען געווען פון נח ביז אברהם, צו לאָזן וויסן וויפל געדולד דער באַשעפער באַזיצט, ווייל די אַלע דורות האָבן אים כסדר דערצערנט, ביז עס איז געקומען אברהם אבינו און ער האָט באַקומען דעם שכר פון אַלע דורות.

אין די צען דורות פון נח ביז אברהם פונקט ווי אין די פריערדיקע דורות, זיינען די מענטשן געווען פאַרדאָרבן און דאָך האָט גאָט

געדולדיק געוואַרט אויף דעם צדיק וואָס וועט ברענגען ליכט און אמת׳ן גלויבן אויף דער וועלט. און האָט ניט באַשטראָפט די רשעים פאַר זייערע שלעכטע מעשים ביז עס איז געקומען אברהם אבינו, וועלכער טראָץ דעם וואָס ער האָט געלעבט אין אַ דור פון רשעים און געצנדינער, האָט ער אויסגעקליבן דעם וועג פון אמונה אין דעם באַשעפער און אין די וועגן פון גוטסקייט און מעשים טובים. ער איז דערפאַר באַלוינט געוואָרן מיט דעם גאַנצן שכר וואָס האָט באַ־לאַנגט צו די צען דורות, ווען זיי וואָלטן זיך גוט אויפגעפירט.

## ד. עשרה נסיונות נתנסה אברהם אבינו ועמד בכלם, להודיע כמה חבתו של אברהם אבינו.

מיט צען פּרובן איז אברהם אבינו געפּרובט געוואָרן און איז אַלע בייגע־שטאַנען. דאָס איז אַ באַווייז ווי גרויס די ליבשאַפט פון גאָט צו אברהם אבינו איז געווען.

די צען נסיונות לויט רבנו עובדיה מברטנורה זיינען פאָלגנדיקע: א. נמרוד האָט אים אַריינגעוואָרפן אין קאַלכאויוון. ב. דער אָנזאָג „לך לך״ אַוועקגיין פון זיין לאַנד. ג. דער הונגער אין כנען. ד. שרה׳ס אַוועקנעמען צו פרעה. ה. מלחמה מיט די מלכים. ו. דער שרעקלע־כער חלום וואָס האָט געצייגט קנעכטשאַפט פאַר זיינע קינדער. ז. זיך מל זיין. ח. שרה׳ס אַוועקנעמען ביי אבימלך. ט. אַרויסטרייבן הגר און ישמעאל. י. די עקדה.

אַלע נסיונות זיינען דייטלעך אָנגעצייכנט אין חומש אויסער דעם ערשטן וואָס איז בלויז דאָ דערויף אַן אָנדייטונג: „איך האָב דיך אַרויסגענומען מאור כשדים״, וואָס עס ווערט אויסגעטייטשט איך האָב דיך געראַטעוועט פון פייער פון כשדים — דער קאַלכאויוון אין וועלכן נמרוד דער קעניג האָט אים אַריינגעוואָרפן פאַר אַנטקעגנ־שטעלן זיך די געצנדינסט.

די משנה פאַרענדיקט מיט די ווערטער: עס איז כדאי צו לאָזן וויסן וועגן די נסיונות דערמיט צו באַגרייפן ווי גרויס די ליבע פון גאָט צו אים, צו באַווייזן דער וועלט די גרויסקייט פון אברהם

אבינו. אַ טייל מפרשים טייטשן אויס, צו לאָזן וויסן די ליבע פון אברהם אבינו צו גאָט, וואָס ער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר די שווערע נסיונות אום אויסצופאָלגן די געבאָטן פון באַשעפער.

## ה. עשרה נסים נעשו לאבותינו במצרים ועשרה על הים, עשר מכות הביא הקדוש ברוך הוא על המצרים במצרים ועשר על הים.

צען וואונדער זיינען געטון געוואָרן צו אונדזערע עלטערן אין מצרים און צען אויפן ים. צען מכות האָט דער הייליקער ברוך הוא געבראַכט אויף די מצריים אין מצרים און צען אויפן ים.

די נסים וואָס ווערן דאָ אָנגעדייטעט האָבן אַ שייכות מיט די צען מכות וואָס זיינען געקומען אויף די מצריים. דער נס איז געווען וואָס כאָטש די אידן האָבן געלעבט צוזאַמען מיט די מצריים, דאָך האָבן די מכות ניט גיהאַט קיין ווירקונג אויף אידן. פון דער ערשטער מכה „דם" — בלוט — דאָס די וואַסער איז געוואָרן בלוט ביז דער לעצטער מכות בכורות — דאָס קען פאַרשטאַנען ווערן פון דער מכה „חושך" — פינצטערניש. אַז בלויז פאַר די מצריים איז געווען פינצטער און אידן זיינען אַנגעגאַנגען מיט זייערע אַקטיוויטעטן, ווייל פאַר זיי איז געווין ליכטיק. אַזוי אַרום איז מיט יעדער מכה אויך געווען אַ נס דאָס די מצריים האָבן געליטן און אידן זיינען געווען פריי פון די מכות. די צען מכות צוזאַמען מיט די צען וואונדער ווערן דייטלעך דערציילט אין אַלע פרטים אין ספר שמות. די צען מכות אויפן ים ווערן דייטלעך אַרויסגעבראַכט אין דער שירה: „אז ישיר משה"...

עס איז כדאי דאָ צוצוגעבן: אויך אין אונדזער צייט, אין יאָר תשכ"ז איז געשען אַ גרויס נס צו די אידן אין דער מלחמה מיט די מצריים. זייענדיק קליין אין צאָל האָבן די אידן באַוויזן צו באַזיגן די גרויסע אַרמיי פון מצרים און דעראָבערט גאַנץ סיני ביז צום סועץ קאַנאַל.

ו. עשרה נסיונות נסו אבותינו את הקדוש ברוך הוא במדבר, שנאמר: וינסו אותי זה עשר פעמים, ולא שמעו בקולי.

צען מאָל האָבן אונדזערע עלטערן אין דער מדבר געפּרוּווט דעם אויבערשטן, הייליקן גאָט, געלויבט איז ער, ווי עס איז געזאָגט אין דער תורה: זיי האָבן מיך געפּרוּווט צען מאָל און זיך ניט צוגעהערט צו מיין שטימע.

די צען נסיונות וואָס אידן האָבן געפּרוּווט גאָט ווערט דייטלעך אַרויסגעבראַכט אין דער תורה. די הויפּט אָנפירער פון די אויפשטאַנדן זיינען וואַרשיינלעך געווען די אָנגעלאָפענע עלעמענטן, דער ערב רב, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן מיט אידן אין דער צייט פון יציאת מצרים. עס ווערט דערקלערט אַז גאָט האָט געוואָרנט משה׳ן ער זאָל ניט דערלויבן דעם ערב רב מיטגיין מיט זיי, אָבער משה האָט באַשלאָסן זיי אַריינגעמען אין דער אידישער מחנה און דורך זיי אַ סך געליטן פון אויפשטאַנדן פון פאָלק. די טענות און פאָדערונגען זיינען געווען מערסטנס וואָס עס האָט אויסגעפעלט וואַסער צום טרינקען, די באַשרענקונג פון גוטע שפייז, אָבער די שאַרפסטע זינדיקע געשעענישן זיינען געווען די רעוואָלוציע פון קורח מיט זיינע מענטשן קעגן משה׳ן, די זינד פון דעם וואָס די מרגלים האָבן געבראַכט אַ ניט צופרידנשטעלנדיקן באַריכט פון כנען און די ווירקונג וואָס דאָס האָט געמאַכט אויף אידן. די שווערסטע זינד איז געווען דער עגל הזהב, דער גאָלדענער קאַלב, וואָס אידן האָבן געמאַכט אין דער מדבר. די תורה באַקלאָגט זיך אויף זיי: זיי האָבן מיך געפּרוּווט צען מאָל און ניט צוגעהערט צו מיין שטימע.

ז. עשרה נסים נעשו לאבותינו בבית המקדש. לא הפילה אשה מריח בשר הקודש, ולא הסריח בשר הקודש מעולם, ולא נראה זבוב בבית המטבחים, ולא אירע קרי לכהן גדול ביום הכפורים, ולא כבו הגשמים אש של עצי המערכה, ולא נצחה הרוח את עמוד העשן, ולא נמצא פסול בעומר ובשתי הלחם ובלחם הפנים, עומדים צפופים

**ומשתחוים רוחים, ולא הזיק נחש ועקרב בירושלים מעולם, ולא אמר אדם צר לי המקום שאלין בירושלים.**

צען נסים זיינען געטון געװאָרן צו אונדזערע עלטערן אין בית המקדש: אַ פרוי האָט ניט מפּיל געװען פון דעם ריח פון הייליקן פלייש, עס איז ניט קאַליע געװאָרן די הייליקע פלייש, מען האָט ניט געזען קיין פליג אין שעכט־הויז, עס האָט ניט געטראָפן דאָס דער כהן גדול זאָל אומריין װערן יום כפור, די רעגנס האָבן ניט פאַרלאָשן דאָס פייער פון די אויסגעלייגטע האָלץ אויפן מזבח, דער װינט האָט ניט צעבלאָזן דעם רויך פון די קרבנות, עס איז קיינמאָל ניט געפונען געװאָרן אַ פסול אין עומר און די צװיי ברויט און די אויסגעלייגטע חלות יעדן שבת, מען איז געשטאַנען ענג און זיך געבוקט גראָם, קיין שלאַנג אָדער עקדיש האָט קיינעם ניט מזיק געװען, און קיין מענטש האָט ניט געזאָגט דער פלאַץ אין ירושלים איז צו ענג צו נעכטיקן.

די צען נסים אין בית המקדש און אין ירושלים זיינען געװען כדי צו מאַכן באַקװעם און אַנגענעם פאַר די עולי רגל, װאָס זיינען געקומען אין באַשטימטע טעג קיין ירושלים. די ערשטע דריי האָבן אַ שייכות מיט די פלייש פון די קרבנות: קיין פרוי האָט ניט מפּיל געװען פון ריח פון דעם פלייש, עס איז װיכטיק װייל די פלייש איז געװען הייליק און דאָס פאָלק האָט ניט געטאָרט עסן. עס איז דער־פאַר נויטיק געװען דער נס אַז אַ שװאַנגערע פרוי זאָל ניט גלוסטן צום פלייש בכדי זי זאָל ניט מפּיל זיין. דאָס פלייש האָט אָנגעהאַלטן פריש, אפילו אין הייסע טעג אין דער צייט װאָס עס האָט געדאַרפט ליגן עטלעכע טעג. אויך אַ פליג האָט זיך ניט באַװיזן אין שלאַכט־הויז. דער כהן גדול האָט זיך געדאַרפט צוגרייטן אַ צייט פאַר יום כפור צו זיין ריין און הייליק פאַר דער עבודה. און עס האָט קיינמאָל ניט פאַסירט אַז ער זאָל אומריין װערן דורך זינדיקע מחשבות. דער רעגן און װינט האָט ניט פאַרלאָשן דאָס פייער און ניט אַװעקגעבלאָזן דעם רויך פון די קרבנות. כאָטש דער מזבח האָט ניט געהאַט קיין דאַך. אויך האָט קיינמאָל ניט פאַסירט, אַז מען האָט געפונען אַ פסול אין עומר פאַר פסח, די שתי הלחם אין שבועות און אין די 12 חלות װאָס מען האָט געדאַרפט אויסשטעלן יעדן שבת. אַלע די זאַכן, דער עומר, שתי הלחם און לחם הפנים האָבן געדאַרפט פאַרטיק װערן

פריער און ס'איז ניט געווען קיין געלעגנהייט צוצוגרייטן אַנדערע ווען מען געפונט אַ פסול. די צוויי לעצטע נסים האָבן אַ שייכות מיט דער ענגשאַפט אין ירושלים. די גרויסע מאַסן עולי רגל זיינען גע־שטאַנען אין ענגשאַפט אָבער ווען זיי האָבן זיך געבוקט איז דער פלאַץ גראָם געוואָרן אַזוי דאָס קיינער האָט ניט געהערט די ווידוי פון צווייטן. דער לעצטער נס איז וואָס קיין מענטש האָט ניט געזאָגט עס איז צו ענג פאַר מיר צו נעכטיקן אין ירושלים. עס איז כדאי צו באַמערקן דאָס דער נס איז געווען, כאָטש עס איז געווען ענג פון די מאַסן אָנגעקומענע אידן האָט אָבער קיינער זיך ניט באַקלאָגט דערויף ווייל די ליבע און גייסטיקע פאַרגעניגנס פון זיין אין ירושלים האָט געמאַכט פאַרגעסן אין ענגשאַפט.

ח. עשרה דברים נבראו בערב שבת בין השמשות, ואלו הן: פי הארץ, פי הבאר, פי האתון, הקשת, והמן, והמטה, והשמיר, הכתב והמכתב, והלוחות. ויש אומרים אף המזיקין, וקבורתו של משה רבנו, ואילו של אברהם אבינו, ויש אומרים, אף צבת בצבת עשויה.

צען זאַכן זיינען באַשאַפן געוואָרן פרייטאָג פאַר נאַכט, דאָס זיינען זיי: דאָס מויל פון דער ערד, דאָס מויל פון ברונען, דאָס מויל פון אייזל, דער רעגנבויגן, און דער מן, און דער שטעקן, און דאָס חערמיל. דאָס כתב, און ווי עס איז געשריבן אין די לוחות. און אַ טייל זאָגן, אויך די מזיקין, אויך משה רבינו'ס קבר, און דער באַראַן פאַר אברהם אבינו. אַנדערע זאָגן, אויך די צוואַנג מיט וועלכער אַן אַנדערע צוואַנג קען געמאַכט ווערן.

צען זאַכן זיינען באַשאַפן געוואָרן דעם ערשטן פרייטאָג ערב שבת צווישן טאָג און נאַכט, נאָכדעם ווען די וועלט באַשאַפונג איז פאַרענדיקט געוואָרן. די צען זאַכן און איניקע אַנדערע וואָס ווערן דאָ דערמאָנט זיינען מערסטנס אומנאַטירלעכע דערשיינונגען, וועלכע דער מענטשלעכער מוח קען ניט באַגרייפן. דער רמב"ם דערקלערט עס אויף זיין קלאָרן פילאָזאָפישן וועג: די איבערנאַטירלעכע פּאַסי־רונגען וואָס מיר רופן „נסים" קומען ניט פּלוצלינג און זיי ענדערן

ניט דעם סדר העולם, נאָר זיי זיינען צוגעגרייט געוואָרן צום סוף פון דער וועלט באַשאַפונג און זיינען באַשטימט געוואָרן ווען זיי זאָלן פאָרקומען.

אין דער דאָזיקער משנה ווערט דערקלערט דאָס צען אַזעלכע אומנאַטירלעכע דערשיינונגען זיינען געשאַפן געוואָרן פרייטאָג בין השמשות, ווייל זיי ווערן ניט דערמאָנט צווישן די עלעמענטן פון בריאת העולם:

1. דאָס מויל פון דער ערד וואָס האָט זיך געעפנט איינצושלינגען קורח׳ן און זיינע מיטהעלפער.

2. דאָס מויל פון ברונען פון מרים וואָס איז לויט דער טראַדיציע, נאָכגעגאַנגען די אידן אין דער מדבר.

3. דאָס מויל פון בלעם׳ס אייזל איז באַשטימט געוואָרן עס זאָל רעדן צו בלעם׳ן.

4. דער רעגנבויגן וואָס באַווייזט זיך נאָך אַ רעגן אַלס צייכן פון גאָט׳ס באַשלוס ניט צו ברענגען קיין מבול.

5. דער מן וואָס איז געפאַלן אין דער מדבר אַלס אַ שפייז פאַר אידן.

6. דער שטעקן מיט וועלכן משה און אהרן האָבן זיך באַנוצט פאַר די וווּנדער אין מצרים און ביים ים.

7. דאָס ווערמיל צו שפּאַלטן די שטיינער פאַר דעם בנין פון בית המקדש, ווייל מען האָט ניט געטאָרט נוצן אייזן.

8. דער כתב פון די לוחות וואָס אותיות האָבן זיך געהאַלטן על פי נס און ניט אַרויסגעפאַלן.

9. דער אינסטרומענט פאַר שרייבן דעם כתב פון די לוחות.

10. די לוחות פון שטיין אויף וועלכע די עשרת הדברות זיינען געווען אויסגעקריצט.

אַנדערע געלערנטע זאָגן, אַז אויך פאָלגנדיקע זאַכן זיינען דאַן באַשאַפן געוואָרן: די באַשעפענישן וואָס זיינען באַקאַנט אַלס שדים, רוחות, וועלכע האָבן ניט קיין קערפּערס נאָר בלויז גייסטער. אויך דער קבר פון משה רבנו וועלכער די תורה דייטעט אָן דאָס קיין מענטש האָט ניט געוווּסט דעם פּלאַץ, און אויך דער אַיל וואָס האָט זיך פּלוצלינג באַוויזן צו אברהם אבינו ווען דער מלאך האָט אים

אָפּגעשטעלט ווען ער איז געווען גרייט צו קוילן יצחק אויף דער עקדה.

פאַראַן אַנדערע וואָס דערקלערן, אַז די ערשטע צוואַנג איז גע־מאַכט געוואָרן ערב שבת דערמיט מעגלעך צו מאַכן צו האַלטן די מעטאַל אויפן פייער פאַר אַנדערע צוואַנגען.

**ט. שבעה דברים בגולם ושבעה בחכם. חכם אינו מדבר לפני מי שגדול ממנו בחכמה ובמנין, ואינו נכנס לתוך דברי חברו, ואינו נבהל להשיב, שואל כענין, ומשיב כהלכה, ואומר על ראשון ראשון, ועל אחרון אחרון, ועל מה שלא שמע, אמר לא שמעתי, ומודה על האמת, וחלופיהן בגולם.**

זיבן זאַכן איז ביי אַ גולם — אַ ניט דערבאַקענעם — און זיבן ביי אַ קלוגן. אַ קלוגער רעדט ניט פאַר דעם וואָס איז קלוגער און עלטער פון אים, ער גייט ניט אַריין אין מיטן יענעמס רייד, ער איילט זיך ניט צו ענטפערן, ער פרעגט וועגן דעם ענין וואָס מען פאַרהאַנדלט, ער ענטפערט ווי דער דין איז, ער ענטפערט אויף דער ערשטער פראַגע, דאַן די צווייטע און די לעצטע, און אויף דעם וואָס ער האָט ניט געהערט, זאָגט ער איך האָב ניט געהערט, און ער איז זיך מודה אויף דעם אמת. און דער גולם טוט פונקט פאַרקערט.

די פריערדיקע משנה׳ס פון דעם פרק פאַרהאַנדלען מיט אַ מספר צען, אָנהויבנדיק מיט דער באַשאַפונג פון דער וועלט און פאַרענדיקט מיט די צען זאַכן וואָס זיינען באַשאַפן געוואָרן ערב שבת. די משנה הויבט אָן אַרומרעדן ענינים וואָס האָבן אַ שייכות מיטן ציפער זיבן: זיבן כאַראַקטעריסטיקס פאַרמאָגט אַ גולם — אַן אומדערבאַקענע פערזאָן, און זיבן פאַרקערטע קוואַליטעטן זיינען פאַראַן ביי אַ קלוגן מענטש.

לויט דער דערקלערונג פון רמב״ם איז אַ גולם אַ פערזאָן וואָס קען האָבן סימנים פון מאָראַל און באַגרענעצטע פעאיקייטן וועלכע האָבן ניט דעם כוח צו פונקציאָנירן און די פערזאָן קען זיך ניט קאָנטראָלירן. דער אויסדרוק „גולם״ פאַסט זיך, ווייל דער דאָזיקער

מענטש איז פונקט ווי אַ ווערק אין דער האַנט פון אַ קינסטלער וואָס איז פאָרמירט אָבער ניט פאַרענדיקט אין געוויסע נויטיקע פרטים.

דער חכם אָבער איז גוט פאָרמירט און פולקאָם פאַרענדיקט און פאַרמאָגט די קוואַליטעט זיך צו קאָנטראָלירן. די משנה ברענגט דייטלעך אַרויס די זיבן הויכע כאַראַקטעריסטיקס זיינע: און די אומגעלימפּערטע האַנדלונגען פון גולם.

1. ווען אַ חכם איז אין אָנוועזנהייט פון אַ מענטש וואָס איז מער געלערנט און עלטער פון אים וועט ער שווייגן און אויסהערן די רייד פון געלערנטן און לערנען פון אים. דער גולם וועט אין אַזעלכע אומשטענדן אַרויסווייזן זיין חכמה און פאַרלירן די געלעגנהייט צו הערן און זיך לערנען.

2. ווען עמיצער, אַ געוויינטלעכער מענטש האַלט אין מיטן דערקלערן אַן ענין. דער חכם וועט וואַרטן ביז יעמאַנד וועט ענדיקן און דער גולם וועט איבערשלאָגן אין מיטן די רייד.

3. ווען אַ פראַגע ווערט געשטעלט וועט דער קלוגער טראַכטן און דערנאָך ענטפערן. דער גולם האָט ניט קיין געדולד און ענט־פערט באַלד וואָס עס קומט אים אין מויל.

4. דער קלוגער פרעגט און ענטפערט געלאַסן. דער נאַר פרעגט און ענטפערט אָן אַ סדר.

5. דער חכם ענטפערט לויט דעם סדר פון די פראַגן. דער גולם פאַרמישט די ענטפערס.

6. דער חכם שעמט זיך ניט צו זאָגן אַז ער איז ניט באַקאַנט מיט דעם ענין וואָס עס ווערט פאַרהאַנדלט. דער גולם וויל מאַכן דעם איינדרוק אַז ער ווייסט אַלעס.

7. דער חכם איז זיך מודה ווען ער איז איבערצייגט אַז ער האָט געמאַכט אַ טעות, אָבער ניט דער גולם.

י. שבעה מיני פורעניות באים לעולם, על שבעה גופי עברה: מקצתם מעשרים, ומקצתם אינם מעשרים, רעב של בצורת בא, מקצתם רעבים ומקצתם שבעים.

## גמרו שלא לעשר, רעב של מהומה בא. ושלא לטול את החלה, רעב של כליה בא.

זיבן פאַרשיידינע שטראָפן קומען אויף דער וועלט איבער זיבן חיכטיקע זינד: ווען אַ טייל געבן מעשר און אַ טייל געבן ניט, קומט אַ הונגער אויף שפייז, אייניקע זיינען הונגעריק און אַ טייל זיינען זאַט. ווען אַלע האָבן באַשלאָסן ניט צו געבן קיין צדקה, קומט אַ הונגער דורך פאַרטומלטקייט און שפייז. ווען מען באַשליסט ניט צו נעמען קיין חלה, קומט אַ הונגער פון פאַרלענדונג.

דער אינהאַלט פון דער און פון דער קומענדיקער משנה איז צו באַווייזן אַז זינדיקע מענטשן באַקומען זייער שטראָף באַלד און לויט דער מאָס פון זייערע זינד — מידה כנגד מידה. עס איז אינ־טערעסאַנט אַז כמעט אַלע זינד זיינען קעגן מענטשן. אַלע זיבן שטראָפן פאַר זיבן ערנסטע עברות.

1. ווען בלויז אַ טייל פון דער באַפעלקערונג גיבן זייער חלק מעשר אָדער צדקה צו די אָרעמע און נויטבאַדערפטיקע און אַנדערע געבן ניט ווערט די וועלט באַשטראָפט מיט דער זעלבער מאָס, ווייל, ווען אַ צאָל פאַרמעגלעכע מענטשן געבן ניט זייער חלק, דאַן זיינען די רעזולטאַטן אַז בלויז אַ טייל פון די נויטבאַדערפטיקע ווערן גע־האָלפן און אַ סך אָרעמע מענטשן פאַרבלייבן הונגעריק און אין נויט. די שטראָף איז דאַן אויף דעם זעלבן וועג: עס קומט אַ הונגער אין לאַנד וואָס קען בלויז זעטיקן אַ טייל פון דער באַפעלקערונג און אַ צאָל מענטשן ליידן הונגער.

2. ווען מענטשן זיינען שוין אַזוי פאַרדאָרבן אַז אַלע האָבן באַשלאָסן ניט צו געבן קיין צדקה און ניט העלפן קיינעם פונקט ווי אין סדום דאַן איז די שטראָף זייער אַ שווערע — אויסער דעם הונגער קומט אויך אָן אַ צוטומלעניש און מלחמה ווען מען קען ניט באַקומען קיין מיטלען זיך צו העלפן.

3. ווען די באַפעלקערונג דערגרייכט די נידעריקע מדרגה אַז די אידעלע אידישע פרויען באַשליסן ניט צו טון זייער פליכט צו נעמען חלה וואָס איז איינע פון די דריי פונדאַמענטאַלע מצוות פון פרויען, דאַן קומט אַ שרעקלעכע שטראָף פון טויט און פאַרניכטונג.

יא. דבר בא לעולם על מיתות האמורות בתורה, שלא נמסרו לבית דין, ועל פירות שביעית. חרב באה לעולם, על ענוי הדין, ועל עוות הדין, ועל המורים בתורה שלא כהלכה. חיה רעה באה לעולם, על שבועת שוא ועל חלול השם. גלות באה לעולם על עבודת כוכבים, ועל גלוי עריות, ועל שפיכת דמים, ועל שמיטת הארץ.

אַן עפּידעמיע קומט אויף דער װעלט דערפאַר װאָס מען האָט ניט געבראַכט די פאַרברעכער װעלכע דאַרפן באַקומען טויט־שטראָף צום בית דין און פאַר ניט פריי לאָזן די פרוכט פון שמיטה. אַ שװערד פון מלחמה קומט אויף דער װעלט װאָס מען משפּט ניט, אָדער מען פאַרדרייט דעם דין און פאַר פּסקנען ניט װי מען דאַרף לויטן דין. בייזע חיות קומען אויף דער װעלט פאַר שװערן פאַלש און פאַרשװעכן גאָט׳ס נאָמען. גלות קומט אויף דער װעלט פאַר געצנדינע־ריי, פאַר אוממאָראַלישע אויפפירונג און אויף בלוט־פאַרגיסונג און אויך פאַר ניט אָנהאַלטן די פריילאָזן פון דער ערד אין שמיטה.

די משנה איז אַ פאָרזעצונג פון דער פריערדיקער, און דער־קלערט די אַנדערע פיר שטראָף:

4. אַן עפּידעמיע װאָס ברענגט שנעלן טויט קומט אויף דער װעלט אַלס אַ שטראָף פאַר די זינדער װאָס האָבן פאַרדינט טויט־שטראָף און זיינען ניט באַשטראָפט געװאָרן איבער דער נאַכלעסיקייט פון דער געזעלשאַפט װאָס האָט די זינדיקע ניט געבראַכט בעפאָר די ריכטער צום משפט. די זינד פון האַנדלען מיט פרוכט װעלכע באַלאַנגט צו די אָרעמע אין יאָר פון שמיטה. װאָס איז גורם הונגער פאַר די אָרעמע װערט אויך אַריינגענומען אין דער שטראָף פון דבר — עפּידעמיע.

5. אַ שװערד פון מלחמה קומט אויף דער װעלט, װען די ריכ־טער פאַרנאַכלעסיקן אָדער פאַרדרייען דעם געזעץ און פּסקנען ניט לויט דער הלכה. פון אַזעלכע זינד אַנטװיקלט זיך האַס און ברענגט צום בלוט־פאַרגיסונג.

6. ווילדע חיות פאַרפּלייצן דאָס לאַנד פאַר פאַלש שווערן און פאַר פאַרשוועכן גאָט׳ס נאָמען — ברענגענדיק אַ חילול השם מיט די פירערס פאַרדאָרבענע אויפפירונג.

7. די ערגסטע שטראָף — גלות — ווערן פאַרטריבן פון דעם לאַנד און אייגענע היים קומט פאַר די דריי שאַרפסטע זינד: געצנ־דינעריי, אוממאָראַלישער וועג און בלוט־פאַרגיסונג. צו די שווערע זינד ווערט אויך צוגעגעבן די זינד פון ניט געבן קיין רו דער ערד אין שמיטה יאָר. דאָס איז פאַררעכנט אַלס אַ פאַרברעכן צו גאָט, צו דער ערד און צו די נויטבאַדערפטיקע.

**יב. בארבעה פרקים הדבר מתרבה: ברביעית ובשביעית, ובמוצאי שביעית, ובמוצאי החג שבכל שנה ושנה. ברביעית מפני מעשר עני שבשלישית; בשביעית מפני מעשר עני שבששית; במוצאי שביעית מפני פירות שביעית; במוצאי החג שבכל שנה ושנה, מפני גזל מתנות עניים.**

אין פיר צייטן ווערט די עפּידעמיע שטאַרק. דעם פערטן יאָר פון שמיטה, און דעם זיבעטן און דאָס יאָר פון נאָכן זיבעטן און נאָך סוכות פון יעדן יאָר. די שטראָף אין פערטן יאָר איז פאַר מעשר פון אָרעמען וואָס מען האָט ניט געגעבן דורך דריטן יאָר, אין זיבעטן פאַר פאַרנאַכלעסיקן מעשר עני אין זעקסטן יאָר. דאָס יאָר נאָכן זיבעטן וואָס איז שמיטה קומט די שטראָף פאַר ניט מפקיר זיין די פרוכט אין שמיטה יאָר. די עפּידעמיע ווערט פאַרשטאַרקט יעדן יאָר נאָך סוכות וואָס איז דער סעזאָן פון אַריינגעמען די תבואה פון די פעלדער ווען עס איז פאַראַן פליכטן צו געבן די אָרעמע זייער חלק אויף פאַרשיידענע וועגן לויט דער אָנבאָט אין דער תורה.

מיט דער דאָזיקער משנה הויבט זיך אַ ריי דערקלערונגען וואָס האָבן אַ שייכות מיט דעם ציפער פיר. אין דער זעלבער צייט איז די משנה אַ פאָרטזעצונג און אַ שלוס פון די פריערדיקע ווייל עס ווערט פאַרהאַנדלט שטראָף פאַר זינד קעגן אָרעמע און נויטבאַדערפ־טיקע וועלכע נויטיקן זיך אין הילף פון די אייגנטימער פון פעלדער,

גערטנער און אַנדערע ווערטפולע זאַכן. דאָ ווערט דערקלערט די באַדייטונג פון שטראָף אין פאַרשיידענע צייטן אויף פאָלגנדיקן אופן:

אין פיר צייטן ווערן מענטשן באַשטראָפט מיט אַ שטאַרקע עפּי־דעמיע וואָס פאַרניכטעט:

1. אין דעם פערטן יאָר פאַר די זינד וואָס מען איז באַגאַנגען אין דריטן יאָר, וואָס איז באַשטימט געוואָרן צו געבן „מעשר", אַ צענטל פון פאַרדינסט צו דעם „לוי", צום פרעמדן, פאַר דעם יתום און אלמנה. ווען דער רייכער האַלט צוריק זיין צדקה, זיינען די נויטבאַדערפטיקע הונגעריק און ליידן. די רייכע ווערן דערפאַר באַשטראָפט אין פערטן יאָר.

2. אין זיבעטן יאָר ווערן זיי באַשטראָפט פאַר דער זעלבער זינד וואָס זיי זיינען באַגאַנגען דעם זעקסטן יאָר, וואָס איז אויך באַשטימט פאַר „מעשר" צו די אָרעמע.

3. נאָך דעם סוף פון זיבעטן יאָר וואָס איז באַשטימט אַלס שמיטה, ווען מען טאָר ניט באַאַרבעטן די פעלדער און ניט האַנדלען מיט די פרוכט וואָס איז געוואַקסן אין דעם יאָר קומט אַן עפּידעמיע פאַר ניט אויספאָלגן די געזעצן פון שמיטה יאָר און איבערהויפּט פאַר האַנדלען מיט די פּירות וואָס וואַקסן אין זיבעטן יאָר, וועלכע דאַרפן ווערן דערקלערט אַלס הפקר און ניט פאַרקויפן.

4. דער יום טוב סוכות ווערט אויך אָנגערופן „חג האסיף", די פייערונג פון איינזאַמלען די תבואה פון די פעלדער און זי אַריינ־ברענגען אין די שפּייכלער.

די תורה האָט באַשטימט געזעצן צו געדענקען די אָרעמע און נויטבאַדערפטיקע ווען מען נעמט אַראָפּ די תבואה פון די פעלדער. די רעגולאַציעס זיינען באַקאַנט מיט די ווערטער אין דער תורה: „לקט, שכחה ופאה", און ווערן פאַרשטאַנען, אַז די זאַנגען וואָס פאַלן אַראָפּ פון זיך אַליין, אויך די וואָס מען האָט פאַרגעסן אַראָפּצונעמען און אויך די זאַנגען וואָס זיינען אין די עקן פון פעלד. די אַלע ווערן פאַררעכנט אַלס דאָס אייגנטום פון די אָרעמע און נויטבאַדערפטיקע און ווען מען נעמט דאָס אַוועק פון זיי איז פּונקט ווי מען האָט באַ־רויבט און בגזלט די אָרעמע לייט. און דערפאַר פאַרענדיקט זיך די משנה מיט דעם אויסדרוק: „מפּני גזל מתנות עניים". די שטראָף קומט פאַר אַוועקגזלנען דאָס וואָס עס קומט די אָרעמע. ווייל די

מערסטע שניט פון די פעלדער ווערט דורכגעפירט אַרום דעם סוכות סעזאָן און די זינד קעגן די אָרעמע ווערן באַגאַנגען דאַן, ווערן די זינדיקע באַשטראָפט באַלד נאָך יום טוב.

עס איז כדאי צו באַמערקן דאָס די שטראָף וואָס ווערט דאָ אָנגעצייכנט זיינען פאַר זינד „בין אדם לחברו״, צווישן מענטש און מענטש. וואָס איז פון גרויס וויכטיקייט אין דער תורה און טראַדיציע.

## יג. ארבע מדות באדם: האומר שלי שלי ושלך שלך, זו מדה בינונית; ויש אומרים זו מדת סדום. שלי שלך, ושלך שלי — עם הארץ; שלי שלך, ושלך שלך — חסיד; שלך שלי ושלי שלי — רשע.

פאַראַן פיר כאַראַקטעריסטיקס ביי מענטשן: דער וואָס זאָגט. מיינס איז מיינס און דיינס איז דיינס. דאָס איז אַ מיטלמעסיקער מענטש; אַנדערע זאָגן אַז דאָס איז דער וועג פון די סדום־מענטשן. דער וואָס זאָגט: מיינס איז דיינס און דיינס איז מיינס, איז אַ פּראָסטער מענטש. דער וואָס זאָגט: מיינס איז דיינס, און דיינס איז דיינס, איז אַ נאָבעלער מענטש. און דער וואָס זאָגט: דיינס איז מיינס און מיינס איז מיינס, איז אַ פאַרדאָרבענער מענטש.

די אויסדרוקע אין דער משנה זיינען קורץ און קלאָר. דאָך איז כדאי אַרומרעדן די טיפע געדאַנקען אַביסל ברייטער:

פון די פיר מדות זיינען צוויי מיטלמעסיקע, איינע עקסטרעם נאָבעל און איינע עקסטרעם פאַרדאָרבן:

1. איינער זאָגט: וואָס איך פאַרמאָג באַלאַנגט צו מיר און דאָס וואָס דו האָסט איז דיינס. אויבערפלעכלעך זעט דאָס אויס ווי אַ נאַטירלעכע מענטשלעכע מידה. איך מיש זיך ניט אין דיינע אָנגע־לעגנהייטן און איך וויל ניט זאָלסט קומען צו מיר מיט דיינע פּראָב־לעמען. אַנדערע האַלטן אַז דער אויסדרוק „מיינס איז מיינס״ איז דער וועג פון די רשעים פון סדום. זיי האָבן אויך ניט פאַרלאַנגט קיין זאַך פון אַנדערע אָבער זיי זיינען געווען עקסטרעם עגאָאיסטיש און פאַרזאָגט דאָס מען זאָל ניט העלפן אָדער שטיצן נויטבאַדערפ־טיקע.

2. „מיינס איז דיינס און דיינס איז מיינס״, ווערט דערקלערט אַלס דער וועג פון אומוויסנדיקע. די וועלכע האָבן ניט געלערנט און ניט פאַרשטאַנען דעם נאָבעלען אידעאַל פון געבן אָן שום קאָנדיציעס אַז דער צווייטער וועט צוריקגעבן.

3. „מיינס איז דיינס און דיינס איז דיינס״, דער יעניקער וואָס האָט דערגרייכט אַ הויכע מדרגה פון ברייטהאַרציקייט צו הנאה האָבן צו געבן אַנדערע און זיך צוריקציען פון נעמען פון אַ צווייטן ווערט באַטיטלט מיט דעם וואָרט „חסיד״ אַ געטלעכער נאָבעלער מענטש וועלכער שטייט העכער פון די געוויינלעכע מענטשן.

4. „דיינס איז מיינס און מיינס איז מיינס״, דער וועמע.ס אַמ־ביציע איז צו נעמען אַלעס וואָס לאָזט זיך און גאָר ניט געבן אַנדערע איז דער נידעריקסטער טיפּ מענטש און ווערט אָנגערופן „רשע״ אַ פאַרדאָרבענער מענטש.

## יד. ארבע מדות בדעות: נוח לכעוס ונוח לרצות, יצא שכרו בהפסדו; קשה לכעוס וקשה לרצות, יצא הפסדו בשכרו; קשה לכעוס ונוח לרצות — חסיד; נוח לכעוס וקשה לרצות — רשע.

פאַראַן פירערליי כאַראַקטערס אין גייסטיקן אויפפירונג: דער וואָס ווערט שנעל אין כעס און עס איז גרינג אים איבערצובעטן, פאַרלירט די גוטע זייט מיט דער שלעכטער פון שנעלן כעס. דער וואָס ווערט ניט אין כעס לייכט און עס איז אויך אים שווער איבערצובעטן, פאַרלירט דעם שאָדן פון שווער גוט ווערן דורך דעם וואָס איז אים שווער אַריינצוברענגען אין כעס. דער וועמען עס איז שווער צו מאַכן אין כעס און עס איז גרינג איבערצובעטן איז אַ חסיד. דער וואָס ווערט שנעל אין כעס און עס איז שווער אים איבערצובעטן איז אַ רשע.

אין דער פריערדיקער משנה האָט זיך געהאַנדלט וועגן כאַראַק־טעריסטיקס וואָס אַ מענטש קען אויסבעסערן ווען ער באַמיט זיך צו פאַרגינען אַ צווייטן און זיין ליבעראַל מיט מענטשן, דאָ רעדט זיך וועגן איינגעבוירענעם טעמפּעראַמענט וואָס עס איז שווער צו ענדערן, אָבער מיט גרויס מי איז מעגלעך פאַר אַ מענטש זיך צו קאָנטראָלירן.

1. דער וואָס ווערט לייכט אויפגערעגט, אפילו ווען ער בייט זיך באַלד איבער, איז אַ פאַרלירער ווייל עס איז אַ שלעכטע מדה צו ווערן אין כעס איבער קלייניקייטן.

2. דער וואָס איז געדולדיק וועלכן עס איז שווער צו מאַכן אין כעס, אפילו ווען עס איז אויך שווער אים איבערצובעטן פאַרמאָגט אַ גוטע מדה וואָס עס נעמט אים לאַנג אין כעס צו ווערן.

3. דער וואָס האָט די טבע צו זיין געלאַסן און ניט ווערן לייכט אין כעס און עס איז אויך לייכט אים איבערצובעטן ווען ער איז שוין געוואָרן אין כעס, איז באַטיטלט אַלס חסיד, נאָבעלער מענטש.

4. דער צווייטער עקסטרעם: ווערן שנעל אין כעס און צו דעם איז נאָך פאַראַן דער חסרון וואָס עס איז שווער איבערצובעטן איז אַ רשע, אַ פאַרדאָרבענער מענטש.

עס איז לייכט צו פאַרשטיין פון דער משנה אַז כעס איז אַ נידעריקע מידה און אַז רואיקייט, ליבע און פרייד איז אַ הויכע מדרגה, וועלכע אַ מענטש זאָל זיך באַמיען צו דערגרייכן.

עס איז אָבער מערקווירדיק דאָס די משנה באַנוצט זיך מיט די אויסדרוקן „לייכט״ און „שווער״. ווייל עס איז פאַראַן אַ צייט און אומשטענדן ווען אפילו דער בעסטער מענטש קען זיך ניט צוריק האַלטן און דאַרף זיך אויפרעגן כדי אָנצוּווייזן אויף אומווירדיקע מעשים, אַזעלכע שאַרפע אויסדרוקן געפונען זיך אין תנ״ך. מייסטנס אין די ווערטער און שטראָף־רייד פון די נביאים ווען זיי האָבן זיך שאַרף אויסגעדרוקט ווען זיי האָבן געזען די שלעכטע אויפפירונג פון די פירער און אויך פון פאָלק.

עס איז דערפאַר פאַרשטענדלעך וואָס די משנה זאָגט ניט אַז מען זאָל קיינמאָל ניט ווערן אין כעס, נאָר זיך היטן פון דער שלעכ־טער מידה פון כעס אין טאָג־טעגלעכן לעבן.

טו. ארבע מדות בתלמידים: מהיר לשמוע ומהיר לאבד, יצא שכרו בהפסדו; קשה לשמוע וקשה לאבד, יצא הפסדו בשכרו; מהיר לשמוע וקשה לאבד — זה חלק טוב; קשה לשמוע ומהיר לאבד זה חלק רע.

פאַראַן פיר אייגנשאַפטן ביי לערנער: װער עס פאַרשטייט שנעל און פאַר־געסט שנעל, איז אַ פאַרלירער מיט דעם ער פאַרגעסט באַלד װאָס ער האָט געלערנט. דער װאָס איז אים שװער צו פאַרנעמען און אויך שװער צו פאַר־געסן עס, איז אַ געװינער כאָטש עס נעמט אים לאַנג זיך אויסלערנען. דער װאָס האָט ביידע מעלות: לייכט צו פאַרשטיין און שװער צו פאַרגעסן פאַרמאָגט אַ גוטע אייגנשאַפט. פאַרקערט, דער צװייטער עקסטרעם. װען עס איז אים שװער צו לערנען און לייכט צו פאַרגעסן באַזיצט אַ שלעכטע זאַך.

פיר טיפּן פון פעאיקייטן װערן דאָ אָנגעדייטעט פאַר תלמידים:

1. דער װאָס פאַרשטייט לייכט און כאַפּט אויף דעם געדאַנק און לערנט זיך שנעל אויס איז דאָך אַ פעאיקער תלמיד אָבער װען ער האָט אַ חסרון דאָס לערנען האַלט זיך ניט לאַנג ביי אים און פאַרגעסט עס שנעל איז אַ פאַרלירער און זיין גאַנצע מי און פעאי־קייטן גייען פאַרלוירן.

2. װער עס אַרבעט שװער זיך אויסצולערנען אָבער װען ער האָט זיך אויסגעלערנט בלייבט עס ביי אים, איז אַ פאַרדינער, װייל זיין שװערע מי האָט געבראַכט גוטע רעזולטאַטן.

3. דער װאָס פאַרמאָגט ביידע אייגנשאַפטן: נעמט איבער שנעל און פאַרלירט ניט װאָס ער האָט געלערנט איז אַ גליקלעכער װאָס ער איז באַשאָנקען מיט אַ שיינער מתנה.

4. דער יעניקער װעמען עס איז שװער זיך אויסלערנען און האָט נאָך דעם חסרון װאָס ער פאַרגעסט באַלד װאָס איז אים מיט גרויס שװעריקייטן אָנגעקומען איז אומפעאיק און אומגליקלעך.

די אויסדרוקן חסיד און רשע װערן דאָ ניט באַנוצט, װייל די פע־איקייטן זיינען איינגעבוירן און קענען ניט װערן געענדערט דורך דעם רצון פון מענטשן.

## טז. ארבע מדות בנותני צדקה: הרוצה שיתן, ולא יתנו אחרים, עינו רעה בשל אחרים; יתנו אחרים והוא לא יתן עינו רעה בשלו; יתן ויתנו אחרים — חסיד; לא יתן, ולא יתנו אחרים — רשע.

פאַראַן פיר קאַטעגאָריעס פון מענטשן אין דעם ענין פון געבן צדקה:

דער וואָס גיט אַליין און וויל ניט אַז אויך אַנדערע זאָלן געבן, האָט אַ שלעכט אויג וואָס פאַרגינט ניט אַנדערע. דער וואָס מאַכט אַנדערע צו געבן אָבער ער אַליין גיט ניט, פאַרגינט זיך ניט די הנאה און מצוה פון געבן צדקה. ווער עס גיט אַליין און מאַכט אויך אַנדערע זאָלן געבן, איז אַ נאָבעלער מענטש. דער וואָס וויל אַליין ניט געבן און רעדט אָפּ אויך אַנדערע זיי זאָלן ניט געבן באַלאַנגט צו דעם פאַרדאָרבענעם טיפּ פון אַ רשע.

די פיר קאַטעגאָריעס אין ענין פון צדקה געבן אין דער משנה זעען אויס איבערפלעכלעך גאַנץ פשוט און קלאָר. דאָך זיינען פאַראַן אַ סך דערקלערונגען. די פאָלגנדיקע אויסטייטשונגען זיינען בלויז אַ קליינער טייל פון זיי:

1. דער וואָס וויל אַלייןביישטייערן און וויל ניט אַז אויך אַנדערע זאָלן זיך באַטייליקן איז אַ באַווייז אַז ער גיט דערפאַר וואָס ער פילט אַ הנאה אין געבן, אָדער ער גלויבט אַז ער וועט באַקומען שכר און וועט רייך ווערן אָדער בכדי צו באַקומען כבוד און אַ גוטן נאָמען. די אַלע גוטע זאַכן פאַרגינט ער ניט אַנדערע.

2. ווען ער מאַכט אַנדערע צו געבן אָבער ער אַליין גיט ניט, באַגייט ער אַ זינד קעגן זיך און פאַרגינט זיך ניט דעם פאַרגעניגן פון געבן צדקה און פאַרלירט זיין גוטן נאָמען.

3. דער וואָס גיט אַליין און מאַכט אויך אַנדערע זאָלן זיך באַטייליקן אין צדקה איז אַ נאָבעלער מענטש. ווען ער גיט פריער אַליין זיין חלק און וואַרט ניט אַז אַנדערע זאָלן געבן פריער, כדי צו באַאיינפלוסן דאָס אַנדערע זאָלן געבן דאַן איז ער באַטיטלט אַלס חסיד.

4. דער וואָס גיט אַליין ניט און רעדט אָפּ אַנדערע פון געבן איז אַ פאַרדאָרבענער מענטש און איז אַ רשע.

דער רמב״ם און אַנדערע גדולים באַהאַנדלען דעם ענין פון צדקה געבן ברייט און טיף. פאָלגנדיקער איז אַן אינטערעסאַנטער געדאַנק וועגן דריי קאַטעגאָריעס פון צדקה געבן:

1. דער וואָס גיט צדקה שטילערהייט און זוכט ניט דערפאַר קיין כבוד אָדער אָנערקענונג ווערט באַצייכנט אַלס אַ געבער פון

גאָלדענער צדקה און דרוקט אויס אין דעם וואָרט „זהב" „זה הנותן בסתר" דער וואָס גיט שטילערהייט.

2. כסף — איז אַ צדקה פון אַ נידעריקער קאַטעגאָריע. דאָס וואָרט כסף מיינט „כשרואה סכנה פותח" ווען ער זעט אַז עס קומט אויף אים אַ סכנה און ער דאַרף אָנקומען צו געטלעכער הילף דאַן עפנט ער אויף זיין קעשענע פאַר צדקה.

3. נחשת — וואָס ווערט אויסגעשטייטשט „נאום חולה שמצוה תנו" די צוואה פון אַ שווער קראַנקן וואָס האַלט ביי ענדע פון לעבן. דער וואָס האָט ניט געגעבן קיין צדקה ווען ער איז געווען געזונט און פאַרמעגלעך. נאָר ווען ער האַלט ביים אַוועקגיין פון דער וועלט זאָגט ער אָן אין זיין צוואה מען זאָל געבן אַ ביסל צדקה. דער סאָרט געבן איז דער נידעריקסטער און ווערט פאַרצייכנט אַלס קופּערנע צדקה.

עס איז מערקווירדיק וואָס די משנה פון צדקה געבן געפונט זיך צווישן צוויי משנות וואָס באַהאַנדלען די תלמידים און תורה לערנער, ווייל די מצוה פון געבן צדקה איז גרויס ווי לערנען תורה, איבערהויפּט ווען די צדקה ווערט געגעבן פאַר לערנען ווי ישיבות און אַנדערע לערן אינסטיטוציעס. אין דעם פאַל ווערט די צדקה געבן פאַררעכנט ווי ער וואָלט אַליין עוסק געווען אין תורה לערנען. לויט די שותפות פון די „יששכר" די לערנער, און „זבולון" די אַר־בעטער און פאַרדינער.

## יז. ארבע מדות בהולכי בית המדרש: הולך ואינו עושה, שכר הליכה בידו; עושה ואינו הולך, שכר מעשה בידו; הולך ועושה — חסיד; לא הולך ולא עושה — רשע.

פאַראַן פיר קאַטעגאָריעס אין דעם גיין לערנען אין בית המדרש: חער עס גייט אין בית המדרש און לערנט ניט, חערט באַלוינט פאַרן גייען לערנען. דער חאָס לערנט אַליין און גייט ניט אין בית המדרש, איז באַלוינט פאַרן לער־נען. חער עס גייט אין בית המדרש און לערנט, איז אַ נאָבעלער מענטש. דער חאָס גייט ניט אין בית המדרש און לערנט אויך ניט אַליין איז אַ רשע.

די פיר מידות אין דעם ענין פון גיין אין בית המדרש, קען אויסגעטייטשט ווערן:

1. דער וואָס גייט לערנען, אָבער ער פירט זיך ניט אויף לויט דעם וועג פון תורה, האָט בלויז דעם לויך פון גיין לערנען.

2. דער וואָס טוט מעשים טובים לויט זיין פאַרשטאַנד און נאָ־בעלען כאַראַקטער און ער גייט ניט לערנען, איז ווערט געלויבט צו ווערן פאַר זיין נאָבעלער אויפפירונג.

3. ווער עס באַמיט זיך צו גיין לערנען תורה און פירט זיך אויף לויט די לערע פון דער תורה איז אַ נאָבעלער מענטש און אַ חסיד.

4. דער וואָס לערנט ניט און טוט ניט קיין ווערטפולע מעשים איז אַ רשע.

די אורזאַכע פאַרוואָס די אַלע טיפּן דרייען זיך אַרום דעם גע־דאַנק פון „גיין תורה לערנען" איז צו שטיצן דעם געדאַנק אין אַן אַנדער פּלאַץ וואָס דערקלערט אַז לערנען איז וויכטיקער ווי טון, ווייל תורה לערנען ווייזט אָן דעם וועג פון אַ נאָבעלען לעבן.

יח. ארבע מדות ביושבים לפני חכמים: ספוג, ומשפך, משמרת ונפה. ספוג — שהוא סופג את הכל; ומשפך שמכניס בזו ומוציא בזו; משמרת — שמוציאה את היין וקולטת את השמרים; ונפה — שמוציאה את הקמח וקולטת את הסולת.

פיר קלאַסן זיינען פאַראַן ביי די וואָס זיצן ביים לערנען פאַר חכמים: אַ שוואָם, אַ ליקע, אַ זייער און אַ זיפּ. אַ שוואָם וואָס נעמט אין זיך אַריין אַלעס. אַ ליקע וואָס נעמט אַריין אויבן און גיסט אַלעס אַרויס. אַ זייער פון וועלכע דער וויין גייט אַרויס און די הייוון פאַרבלייבן און אַ זיפּ וואָס לאָזט אַרויס די פסולת און לאָזט איבער די פיינע מעל.

די משנה איז אַ המשך פון משנה ט"ו ווו עס האַנדלט זיך וועגן פיר טיפּן תלמידים: זייערע פעאיקייטן צו פאַרשטיין און געדענקען דאָס לערנען — אַן אייגנשאַפט וואָס איז איינגעבוירן. דאָ האַנדלט זיך וועגן אַזעלכע אייגנשאַפטן וועלכע מיט אַרבעט און מי קענען אויסגעבעסערט ווערן. מען פאַרגלייכט די תלמידים צו פיר פאַרשיי־

דענע כלים וואָס ווערן באַנוצט אָפּצוטיילן דעם בעסערן עלעמענט פון דעם אומנוצלעכן:

1. אַ שוואָם וואָס נעמט אַריין אין זיך אַלעס. דאָס איז אַ תלמיד וואָס איז ניט איבערקלייבעריש און לערנט אַלעס אָן אונ־טערשייד פון גוט און שלעכט.

2. אַ ליקע וואָס נעמט אַלעס אַריין און אין דערזעלבער צייט גיסט אַלעס אַרויס, אַזוי איז דער לערנער וואָס לערנט אַלעס און פאַרגעסט באַלד וואָס ער האָט געלערנט.

3. אַ זייער — לאָזט אַרויס דעם ווײַן און פאַרהאַלט בלויז די הייוון. אַ תלמיד וואָס פאַרגעסט די תורה וואָס איז נוצלעך און פאַרבלייבט בלויז מיט די אומוויכטיקע זאַכן.

4. אַ זיפּ — וואָס פאַרהאַלט די פיינע מעל — אַזוי איז דער פעאיקער תלמיד וואָס קלייבט די שיינע נוצלעכע זאַכן און פאַרלאָזט די ביליקע אומנוצלעכע לערע.

## יט. כל אהבה שהיא תלויה בדבר, בטל דבר בטלה אהבה; ושאינה תלויה בדבר, אינה בטלה לעולם. איזו היא אהבה שהיא תלויה בדבר, זו אהבת אמנון ותמר; ושאינה תלויה בדבר, זו אהבת דוד ויהונתן.

יעדע ליבשאַפט װאָס הענגט אָפּ אין אַ זאַך, אַז די זאַך װערט בטל, לאָזט זיך אויס די ליבע. אָבער די ליבע װאָס הענגט ניט אָפּ פון קיין זאַך, װעט די ליבע קיינמאָל ניט אויפהערן. װעלכע איז די ליבע װאָס הענגט אָפּ פון עפּעס? דאָס איז די ליבע צװישן אמנון און תמר. און װעלכע איז אַ ליבע װאָס הענגט ניט אָפּ פון אַ זאַך? דאָס איז די ליבע צװישן דוד און יהונתן.

די משנה לערנט אונדז, אַז ליבע צו מענטשן דאַרף זיין אָן באַ־דינגונגען, נאָר דאַן וועט די ליבע אָנהאַלטן. ווען די ליבע איז פאַר־בונדן מיט פערזענלעכע הנאה ווי צום ביישפּיל, געשלעכטלעכע ליבע צו אַ שיינער פרוי אָדער צו אַ רייכן פריינט, וועלכער שטיצט אים מיט געלט, דאַן ווען עס פּאַסירט אַז די פרוי פאַרלירט איר שיינקייט און דער רייכער ווערט אָרעם, ווערט די ליבע אָפּגעשטעלט

און אַמאָל פאַרוואַנדלט זיך די ליבע אין האַס. פונקט ווי עס האָט פּאַסירט מיט דער הייסער ליבע פון אמנון, דוד המלך׳ס זון צו זיין שיינע שטיף־שוועסטער תמר. ווען תמר האָט זיך געוועהרט קעגן דער לוסטיגער ליבע האָט זיך די ליבע פון אמנון פאַרוואַנדלט אין אַ שרעקלעכן האַס צו תמר׳ן. ווען די ליבע איז באַזירט אויף אמתע האַרציקע געפילן אָן קיין פערזענלעכע צילן דאַן פאַרבלייבט עס אַן אייביקע ליבע. אַזאַ ליבע איז געווען צווישן דוד און יהונתן. טראָץ דעם וואָס יהונתן האָט געוווסט אַז דוד וועט אַוועקנעמען פון אים די קעניגלעכע קרוין צו וועלכער ער איז באַרעכטיקט אַלס זון פון שאול המלך, דאָך האָבן זיי זיך ליב געהאַט אהבת נפש.

כ. כל מחלוקת שהיא לשם שמים סופה להתקיים ושאינה לשם שמים אין סופה להתקיים. איזו היא מחלוקת שהיא לשם שמים, זו מחלוקת הלל ושמאי; ושאינה לשם שמים, זו מחלוקת קרח וכל עדתו.

יעדע מחלוקת וואָס איז פאַר אַ הייליקן צוועק וועט עס לאַנג אָנהאַלטן. אָבער דער וויכוח וואָס איז ניט פאַר אַ נאָבעלער זאַך וועט ניט לאַנג דויערן. וועלכע איז אַ מחלוקת לשם שמים? דער וויכוח צווישן הלל און שמאי. און וועלכער קריג איז ניט פאַר גאָט׳ס וועגן? די מחלוקת פון קרח און זיינע אָנ־הענגער.

יעדער וויכוח און מיינונגס־פאַרשיידנהייט וואָס האָט די אויפ־גאַבע צו פאַרשטייך און אויסבעסערן תורה און וויסנשאַפט לערע, און דערמיט העלפן אָנצוהאַלטן טראַדיציע און נאָבעלער צוזאַמענ־לעבן פון מענטשן איז אַ מחלוקת לשם שמים. אַזאַ מחלוקת איז גע־ווען צווישן הלל און שמאי. יעדער פון זיי האָט אויסגעדרוקט זיין ערלעכע מיינונג. טראָץ דעם וואָס די מיינונגען זיינען געווען פאַרשיידן, אָבער ווייל זיי זיינען געווען לשם שמים, האָבן זיי אַליין און שפּעטער זייערע תלמידים פון בית הלל און בית שמאי אָנגע־האַלטן אַ לאַנגע צייט און האָבן באַרייכערט די לערע פון תורה און טראַדיציע.

די קריגעריי וואָס קומט פון פערזענלעכע מאָטיוון וועט לאַנג ניט דויערן. אין אַ קורצע צייט וועט אויפפלאַקערן די קנאה און שנאה צווישן זיי, ווייל זיי וועלן זיך ניט קענען איינטיילן מיט זייערע פערזענלעכע אַמביציעס. און וועלן אויך באַשטראָפט ווערן פאַר זייערע זינדיקע כוונות און זייער אונטערנעמונג וועט זיך ענדיקן קאַטאַסטראָפאַליש, ווי עס האָט פּאַסירט מיט קרח און זיינע אָנהענגער וועלכע זיינען שווער באַשטראָפט געוואָרן.

כא. כל המזכה את הרבים, אין חטא בא על ידו, וכל המחטיא את הרבים, אין מספיקין בידו לעשות תשובה. משה זכה וזכה את הרבים, זכות הרבים תלוי בו, שנאמר: צדקת ה׳ עשה ומשפטיו עם ישראל. ירבעם בן נבט חטא והחטיא את הרבים, חטא הרבים תלוי בו, שנאמר: על חטאת ירבעם אשר חטא ואשר החטיא את ישראל.

חער עס מאַכט פיל מענטשן צו טון נאָבעלע זאַכן חעט קיינמאָל ניט קומען דורך אים אַ זינד. און דער חאָס מאַכט מענטשן צו זינדיקן חעט ער ניט האָבן די געלעגנהייט תשובה צו טון. משה האָט אַליין זוכה געחען און געפירט אַ סך פון פאָלק אויף אַ נאָבעלען חעג, דערפאַר ווערט אָנגעהאָנגען דער זכות פון אַלעמען אויף אים, ווי עס ווערט געזאָגט אין דער תורה: „די גערעכטיקייט פון גאָט האָט ער געטון און דורך אים די גערעכטיקייט פון אידישן פאָלק״. ירבעם בן נבט האָט אַליין געזינדיקט און האָט געמאַכט אַ סך מענטשן צו זינדיקן, חערט דערפאַר די זינד פון די מענטשן אַרויפגעוואָרפן אויף אים, חי עס איז געזאָגט אין תנ״ך: „פאַר די זינד פון ירבעם חאָס ער האָט געזינדיקט און חאָס ער האָט געמאַכט אידן צו זינדיקן״.

די משנה שטרייכט אונטער די גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון אידישע פירער: ווער עס פירט אַ געמיינדע אָדער אַ גרופּע אויף אַ שיינעם וועג וועט אַליין ניט זינדיקן, ווייל ער וועט זיך היטן צו באַגיין אַ זינד וואָס וואָלט דערנידעריקט זיין כבוד און איינפלוס. פאַראַן אויך אַ דערקלערונג דאָס מען העלפט אים פון הימל ער זאָל

ניט זינדיקן ווייל עס וואָלט ניט געווען יושרדיק דאָס זיינע נאָכפאָל־גער זאָלן ווערן באַלוינט פאַר גוטע מעשים און ער, זייער פירער זאָל באַשטראָפט ווערן פאַר באַגיין זינד. דער פירער וועלכער פירט מענטשן אַראָפּ פון גלייכן וועג און מאַכט זיי זינדיקן וועט ניט האָבן די געלעגנהייט אַליין תשובה צו טון ווייל זיינע נאָכפאָלגער וועלן אים פאַרפירן און ניט לאָזן ער זאָל ווערן בעסער.

מען קען אויך אויסטייטשן אַז מען העלפט אים ניט פון הימל ער זאָל תשובה טון ווייל עס וואָלט ניט ריכטיק געווען דאָס ער, זייער פירער זאָל באַלוינט ווערן און זיינע נאָכפאָלגער זאָלן באַ־שטראָפט ווערן.

די משנה קוואָטירט פסוקים פון תנ״ך: ביי משה׳ן ווערט דער־קלערט: „ער האָט געטון אַליין גערעכטיקייט אָנגעפירט צו משפט טון״. ביי ירבעם וועלכער האָט צעבראָכן די מלוכה אויף צוויי טייל און געבויט געצן פאַר אידן אין ישראל. זאָגט דער תנ״ך: „פאַר די זינד פון ירבעם וואָס ער אַליין האָט געזינדיקט און געמאַכט דאָס פאָלק ישראל זינדיקן״. די ערלעכע פירער באַקומען קרעדיט אויך פאַר די גוטע מעשים פון פאָלק און די פאַלשע פירער ווערן באַ־שטראָפט פאַר די זינד פון זייערע אָנהענגער.

אַ חסידישער רבי טייטשט אויס די משנה אויף פאָלגנדיקן אופן: דער וואָס געפינט ניט קיין חסרונות אין אַנדערע נאָר ער האַלט יעדן פאַר אַ צדיק וועט אַליין ניט זינדיקן, אָבער דער וואָס זוכט חטאים און האַלט אַלעמען פאַר זינדיקע וועט ער אַליין געשטרויכלט ווערן אין זינד.

כב. כל מי שיש בו שלשה דברים הללו, הוא מתלמידיו של אברהם אבינו, ושלשה דברים אחרים, הוא מתלמידיו של בלעם הרשע: עין טובה, ורוח נמוכה, ונפש שפלה — מתלמידיו של אברהם אבינו. עין רעה, ורוח גבוהה ונפש רחבה — מתלמידיו של בלעם הרשע. מה בין תלמידיו של אברהם אבינו לתלמידיו של בלעם הרשע? תלמידיו של אברהם אבינו אוכלין בעולם הזה

**ונוחלין העולם הבא, שנאמר: „להנחיל אוהבי יש ואוצרותיהם אמלא״. אבל תלמידיו של בלעם הרשע, יורשין גיהנם ויורדין לבאר שחת, שנאמר: „ואתה אלהים תורידם לבאר שחת, אנשי דמים ומרמה לא יחצו ימיהם ואני אבטח בך״.**

דער װאָס פאַרמאָגט די דריי זאַכן איז ער פון אברהם אבינו׳ס תלמידים און אַז ער האָט אַנדערע דריי זאַכן איז ער פון בלעם הרשע׳ס תלמידים. אַ גוט אויג, אַ נידעריק געמיט און אַ געפאַלענעם גייסט. דאָס זיינען די נויטיקע אייגנשאַפטן פון די תלמידים פון אברהם אבינו. די אַנדערע זאַכן: אַ שלעכט אויג, אַ הויכן געמיט און אַ גלוסטיקן גייסט, זיינען פאַר די תלמידים פון בלעם הרשע. װאָס איז דער אונטערשייד צװישן די תלמידים פון אברהם אבינו און בלעם הרשע? אברהם אבינו׳ס תלמידים עסן די פרוכט פון זייערע גוטע מעשים אויף דער װעלט און ירש׳ענען אויף יענער װעלט, װי עס װערט געזאָגט: „צו מאַכן ירש׳נען מיינע ליבע פול און זייערע אוצרות װעל איך דערפולן״. אָבער בלעם הרשע׳ס תלמידים ירש׳נען גהינם און נידערן צום טיפן גרוב, װי עס װערט געזאָגט: „און דו גאָט, װעסט די רשעים אין טיפן גרוב נידערן, די בלוטיקע לייט און פאַלשע װעלן ניט אויסלעבן זייערע האַלבע יאָרן אָבער איך פאַרזיכער מיך אין דיר״.

די משנה אַנאַליזירט צוויי פערזענלעכקייטן וועלכע זיינען פאַר־שיידן ווי טאָג און נאַכט: די ליכטיקע פערזענלעכקייט פון אברהם אבינו און די טונקעלע געשטאַלט פון בלעם הרשע. אברהם איז אַן עניו, צדיק און פול מיט גערעכטיקייט און רחמנות און בלעם איז אַ בעל גאוה׳ניק, געלט־גייציקער כבוד־זוכער און בעל־תאוה׳ניק. דאָ ווערט דער געדאַנק פון די צוויי פאַרשיידענע וועלט אָנשויונגען באַהאַנדלט אויף פאָלגנדיקן אופן: דער וואָס באַזיצט פאָלגנדיקע דריי זאַכן:

1. אַ גוט אויג — צופרידן מיט דעם וואָס ער פאַרמאָגט און פאַרגינט יענעם זיין גליק.

2. געפאַלנקייט פון גייסט: קליין ביי זיך און יאָגט זיך ניט נאָך כבוד און באַרימקייט.

3. באַגרענעצטער פאַרלאַנג פאַר פאַרגעניגנס און פאַרשיידענע תאוות. דער מיט אַזעלכע מעלות איז אברהם אבינו׳ס נאָכפאָלגער. די תלמידים פון אברהם אבינו וועלן באַלוינט ווערן אויף דער וועלט און אויך באַקומען שכר אין דער קומענדיקער וועלט לויט דעם אויסדרוק אין משלי.

די דריי שלעכטע אייגנשאַפטן זיינען פאָלגנדיקע:

1. אַ שלעכט אויג — ניט זיין צופרידן מיט זיין חלק און ניט פאַרגינען אַ צווייטן זיין רייכטום און גליק.

2. אַ שטאָלצער גייסט — גרויס האַלטן און יאָגן זיך נאָך כבוד און באַרימטקייט.

3. אומבאַגרענעצטע תאוות פאַר געלט, פרויען און אַנדערע פיזישע פאַרגעניגנס.

די באַזיצער פון די דריי שלעכטע מידות זיינען נאָכפאָלגער פון בלעם הרשע וואָס האָט באַזיצט אַלע די נידעריקע אייגנשאַפטן לויט די אָנצייכענונגען אין חומש. געפאָדערט כבוד, אוצרות פון געלט און אוממאָראַלישע אויפפירונג. די רשעים וועלן באַשטראָפט ווערן ווי עס איז געזאָגט געוואָרן אין תהילים: „זיי וועלן נידערן אין גרוב. די בלוטיקע און פאַלשע וועלן ניט לעבן האַלב פון זייערע יאָרן. אָבער די צדיקים וועלן באַלוינט ווערן פאַר זייערע מעשים.

## כג. יהודה בן תימא אומר: הוי עז כנמר וקל כנשר, רץ כצבי וגבור כארי לעשות רצון אביך שבשמים. הוא היה אומר: עז פנים לגיהנם, ובושת פנים לגן עדן. יהי רצון מלפניך ה׳ אלהינו ואלהי אבותינו, שיבנה בית המקדש במהרה בימינו ותן חלקנו בתורתך.

יהודה בן תימא זאָגט. זיי שטאַרק ווי אַ לעמפּערט און גרינג ווי אַן אָדלער, לויף ווי אַ הירש און שטאַרק ווי אַ לייב צו טון דעם ווילן פון פאָטער אין הימל. ער פלעגט זאָגן: אַן עזות פנים איז פאַר גהינם און אַ שעמעוודיקער פאַרן גן עדן. זאָל זיין דער ווילן פון דיר אונדזער גאָט און גאָט פון אונדזערע עלטערן. עס זאָל געבויט ווערן דער בית המקדש אין גיכן אין אונדזערע טעג און גיב אונדז אונדזער טייל אין דיין תורה.

יהודה בן תימא ראָט זיך אויפפירן ווען ער טוט נאָבעלע אַרבעט פאַר גאָט און פאַר מענטשן און אַנאַנדער אויפפירונג פאַרן טאָג־טעגלעכן לעבן. ער דערקלערט עס אויף פאָלגנדיקן אופן: זייַ שטאַרק ווי אַ לעמפערט, לייכט ווי אַן אָדלער, פלינק ווי אַ הירש און שטאַרק ווי אַ לייב צו טון דעם ווילן פון גאָט. ווייל די אַלע אייגנשאַפטן זייַנען נויטיק בייצוקומען דעם יצר הרע וואָס רעדט אָפּ דעם מענטש פון טון וואָס איז נאָבעל און גוט.

אָבער אין טעגלעכן נאָרמאַלן לעבן צום האַנדלען מיט מענטשן איז בעסער אַז אַ מענטש זאָל ניט זיין שטאָלץ און חוצפה׳דיק נאָר זיך אויפפירן מיט געלאַסנקייט און ענִיוות. ער זאָגט דאָס דער עזות פנים, דער חוצפה׳דיקער וועט ענדלעך באַשטראָפט ווערן מיט גיהנם און אַז צניעות און שעמעוודיקייט פירט צום גן עדן.

די משנה פאַרענדיקט מיט אַ תפילה פאַר די שנעלע אויפבויונג פון בית המקדש און האָבן אַ חלק אין דער תורה. עס ווערט דער־קלערט אַז די דאָזיקע משנה איז געווען אָריגינעל די לעצטע און דער שלוס פון פרקי אבות און שפּעטער האָט מען צוגעשטעלט די אַנדערע משנה׳ס.

**כד. הוא היה אומר: בן חמש שנים למקרא; בן עשר שנים למשנה; בן שלש עשרה למצות; בן חמש עשרה לגמרא; בן שמונה עשרה לחופה; בן עשרים לרדוף; בן שלשים לכח; בן ארבעים לבינה; בן חמישים לעצה; בן ששים לזקנה; בן שבעים לשיבה; בן שמונים לגבורה; בן תשעים לשוח; בן מאה כאלו מת ועבר ובטל מן העולם.**

ער פלעגט זאָגן: אַ קינד, פינף יאָר אַלט זאָל לערנען תנ״ך; ווען צען יאָר אַלט דאַרף ער לערנען משניות; ווען דרייצן יאָר אַלט איז אַ בן מצוות; ווען פופצן יאָר, איז ער גרייט צו לערנען גמרא; צו אַכצן יאָר איז ער ראוי צו גיין צו דער חופה; צוואַנציק יאָר, צו יאָגן זיך נאָך פרנסה; צו דרייסיק יאָר איז ער שטאַרק; ווען פערציק יאָר, דערגרייכט ער די הויכע פאַרשטאַנד;

צו פופציק יאָר, איז ער גוט צו געבן אַן עצה; ווען זעכציק יאָר, ווערט ער אַלט; צו זיבעציק יאָר, גרוי; ווען ער דערגרייכט אַכציק יאָר, איז ער אַ מענטש וואָס איז געקומען צו גבורה; ווען ניינציק יאָר אַלט, איז ער געבויגן און צו הונדערט יאָר איז ער גלייך ווי טויט און אַוועק פון דער וועלט.

יהודה בן תימא אַנאַליזירט די יאָרן פון מענטשלעכן לעבן און צייכנט אָן אַ פּראָגראַם דערמיט ניט צו פאַרלירן קיין צייט. די פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט הויבט זיך אָן ווען אַ קינד דערגרייכט דאָס עלטער פון פינף יאָר, איז דעם פּאָטערס אויפגאַבע אָנהויבן מיט אים לערנען חומש און די אַנדערע טיילן פון תנ״ך. ער זאָל דעם קינד געבן גענוג צייט און געלעגנהייט זיך אויסלערנען און ווען ער איז צען יאָר, דאַרף ער זיך לערנען די דינים און געזעצן פון משנה. די עלטער פון דרייצן יאָר איז גענוי באַקאַנט אַלס צייט פאַר בר־מצוה און ווערט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע מעשים. צו פופצן יאָר דאַרף ער זיין אין ערנסטער ישיבה בחור און לערנען גמרא. די הייראַט צו אַכצן יאָר איז ראַטזאַם אָבער מען זאָל ניט וואַרפן אויף אים דעם יאָך פון פרנסה ביז ער איז צוואַנציק יאָר אַלט. דאַן ווערן פאַרצייכנט די טערמינען פון אַ נאָרמאַלן מענטש: צו דרייסיק יאָר איז דער מענטש ביי זיינע בעסטע פיזישע כוחות; צו פערציק יאָר איז ער אַ מענטש מיט דערפאַרונג און פאַרשטאַנד; ווען פופציק יאָר אַלט ווערט דער מענטש אַביסל שוואַכער פאַר פיזישער אַרבעט אָבער ער איז גוט און נוצלעך צו באַראָטן זיך מיט אים; צו זעכציק יאָר הויבט זיך אָן די עלטער; ווען זיבעציק, קומט די טיפע עלטער און גרויקייט; ווען אַ מענטש דערגרייכט אַכציק יאָר, איז אַ סימן אַז ער איז אויסער־געוויינטלעך געבויט שטאַרק; צו ניינציק ווערט ער איינגעבויגן; און אַ הונדערטיעריקער איז ווי טויט און אָפּגעטיילט פון דער וועלט. אין די מאָדערנע צייטן פון דערפינדונגען אין דער מעדיצינישער וועלט קענען די פעריאָדן אַביסל געהעכערט ווערן.

כה. בן בג בג אומר: הפך בה והפך בה דכלא בה, ובה תחזי וסיב ובלה בה, ומנה לא תזוע, שאין לך מדה טובה הימנה.

בן בג בג זאָגט . גיי איבער די תורה נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל ווייל אַלעס איז דאָ אין דער תורה. קוק און וועסט זען אין איר. לערן און עלטער זיך אין דער תורה, ווייל דו האָסט ניט קיין בעסערע לערע ווי די תורה.

רבי יוחנן בן בג בג לויט די מפרשים איז אַ פאַרשטעלטער נאָמען. אייניקע דערקלערן אַז בג, וואָס באַשטייט פון צוויי אותיות ב׳ און ג׳ מיינט בן גר, ווייל ער איז אַרויסגעקומען פון גרים. פאַראַן אַן אַנדערע פאַנטאַסטישע אויסטייטשונג אַז בג באַטרעפט פינף וואָס ה׳ באַטרעפט, ווייל דער זעלבער אות ה׳ איז געגעבן געוואָרן ווען אברהם און שרה׳ס נעמען זיינען געענדערט געוואָרן ווייל זיי האָבן מגייר געווען מענער און פרויען.

בן בג בג זאָגט איבער אַ פאָלקס־שפּרוך און דערפאַר ווערט דאָס איבערגעגעבן אין אַראַמעאיש, וואָס איז דאַן געווען די שפּראַך פון די מאַסן.

גיי איבער די תורה נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל. עס איז ניט גע־נוג איבערצולעזן אָדער לערנען איין מאָל. נאָר מען זאָל תמיד לער־נען אָן אַן ענדע. אפילו אויף דער עלטער ווען אַ מענטש דענקט אַז ער האָט שוין אַלעס געלערנט, זאָל ער פּרובירן נאָכאַמאָל לערנען און ער וועט נאָך געפונען נייע געדאַנקען, וועלכע וועלן ברענגען פרישע און נייע אויסטייטשונגען. קיין בעסערע מידה ווי לערנען איז ניט פאַראַן.

## כו. בן הא הא אומר: לפום צערא אגרא.

בן הא הא זאָגט : נאָך דער מאָס וואָס אַ מענטש איז זיך מטריח און ליידט אַזוי פיל איז זיין לוין.

די זעלבע געדאַנקען וואָס זיינען אויסגעדרוקט אין דער פריער־דיקער משנה וועגן בג בג, פּאַסן זיך פאַר בן הא הא. דער אות הא מיט וועלכן אברהם און שרה זיינען באַלוינט געוואָרן פאַר שאַפן גרים, ווייל אויך בן הא הא איז אַרויסגעקומען פון גרים.

בן הא הא זאָגט נאָך אַ קורצן שפּרוך וואָרט וואָס איז געווען פאַרשפּרייט צווישן די מאַסן : לויט די שוועריקייטן פון דער אַרבעט

איז דער לוין. דאָס קען פאַרשטאַנען ווערן אַז אַ הויכע מדרגה אין לערנען קען דערגרייכט ווערן דורך שווערע מי און התמדה. אויך ווען צו טון אַ מצוה קומט אָן שווער מיט אַ פאַרלוסט פון געלט, צייט און מי, וועט דאַן אָבער אויך דער שכר זיין גרויס. עס איז אויך אַן אָנדייטונג אַז מען קען ניט דערגרייכן אַ קאַריערע אָדער אַ פי־נאַנציעלע הצלחה אָן שווערע אַרבעט.

פאַראַן אַ שיינער געדאַנק פאַר דעם אויסדרוק: „לפום צערא אגרא" אַז דאָס איז אַן ענטפער צו די וואָס פרעגן פאַרוואָס ווערט אין דער תורה ניט דערמאָנט דער שכר פאַר צדיקים לעתיד לבוא. דער ענטפער איז אַז עס איז ניט נויטיק, ווייל מען קען פאַרשטיין ווי גרויס דער לוין איז פאַר די נאָבעלע לויט די שטראָף וואָס ווערט דערמאָנט פאַר די רשעים. די אויסטייטשונג איז דאָס לויט דעם צער וואָס ווערט געוואָרנט פאַר די זינדיקע קען מען פאַרשטיין ווי גרויס דער שכר וועט זיין פאַר די צדיקים.

## רבי חנניא בן עקשיא אומר: רצה הקדוש ברוך הוא לזכות את ישראל לפיכך הרבה להם תורה ומצות, שנאמר: ה׳ חפץ למען צדקו יגדיל תורה ויאדיר.

# פרק ו׳

כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא שנאמר: ועמך כלם צדיקים לעולם יירשו ארץ, נצר מטעי מעשי ידי להתפאר.

משנה א. שנו חכמים בלשון המשנה, ברוך שבחר בהם ובמשנתם. רבי מאיר אומר: כל העוסק בתורה לשמה זוכה לדברים הרבה; ולא עוד, אלא שכל העולם כלו כדאי הוא לו: נקרא רע אהוב, אוהב את המקום, אוהב את הבריות, משמח את המקום, משמח את הבריות, ומלבשתו ענוה ויראה ומכשרתו להיות צדיק, חסיד, ישר ונאמן; ומרחקתו מן החטא, ומקרבתו לידי זכות ונהנים ממנו עצה ותושיה, בינה וגבורה, שנאמר: לי עצה ותושיה, אני בינה, לי גבורה, ונותנת לו מלכות וממשלה, וחקור דין, ומגלים לו רזי תורה ונעשה כמעין המתגבר וכנהר שאינו פוסק. והוה צנוע וארך רוח, ומוחל על עלבונו, ומגדלתו ומרוממתו על כל המעשים.

די חכמים האָבן געלערנט דעם פרק מיט דעם לשון פון דער משנה. זאָל זיין געבענטשט דער וואָס האָט זיי אויסגעקליבן צוזאַמען מיט זייער לערנען.

רבי מאיר זאָגט: דער וואָס לערנט תורה צוליב לערנען דערגרייכט אַ סך זאַכן. און צו דעם איז ער ווערט אַז די גאַנצע וועלט זאָל זיין פאַר אים. ער ווערט אָנגערופן פריינט, געליבטער, ער האָט ליב גאָט, ער אָט ליב מענטשן. ער דערפרייט גאָט, ער דערפרייט מענטשן, און די תורה באַקליידט אים מיט עניוות און מורא פאַר גאָט. און די תורה גרייט אים צו צו זיין אַ צדיק, חסיד, רעכטפאַרטיקער און אַ באַגלויבטער. און די תורה דערווייטערט אים פון זינד און דערנענטערט אים צו נאָבעלקייט. און מענטשן האָבן הנאה פון זיין קלוגער עצה און ראַט, פאַרשטאַנד און שטאַרקייט לויט דעם אויסדרוק אין משלי: „צו מיר, תורה איז די ראַט, פאַרשטאַנד און גבורה״. די תורה גיט אים העשאַפט און טיפקייט. עס ווערן אַנטדעקט צו אים די סודות פון דער תורה און ער ווערט ווי אַ קוואַל וואָס איז שטאַרק און ווי אַ טייך וואָס הערט ניט אויף. ער פירט זיך צניעותדיק און איינגעהאַלטן און ער איז מוחל ווען מען פאַרשעמט אים, און די תורה מאַכט אים גרויס און דערהויבט אים איבער אַלע באַשעפענישן.

פרקי אבות באשטייט פון בלויז פינף פרקים משנה. אָבער עס איז געווען נויטיק צוצושטעלן אַ זעקסטן פרק פאַר דעם זעקסטן שבת צווישן פסח און שבועות. דערויף איז צוגעגעבן דער דאָזיקער פרק וואָס איז ניט פון משנה נאָר ווערט אָנגערופן ברייתא. דער אויסוואַל פון דעם פרק איז, ווייל עס האַנדלט זיך דער לימוד פון תורה מיט אַ טיפן דרך ארץ און פלאַם, פייערדיקע ליבע צו תורה לערנען. עס איז דערפאַר באַשטימט געוואָרן צו לערנען שבת פאַר שבועות. שפּעטער האָט מען אָנגענומען דעם לערנען פון פרקי אבות ביז ראש השנה.

ווי באַקאַנט איז די שפּראַך פון משנה לשון קודש, העברעאיש, און פון דער גמרא, אַראַמעאיש. דער פרק הויבט זיך דערפאַר אָן מיט די ווערטער: „שנו חכמים בלשון המשנה" דאָס כאָטש דער פרק איז ניט אַ טייל פון משנה ווערט דאָך באַנוצט די שפּראַך פון משנה. דער אויסדרוק „שנו חכמים" איז דאָס זעלבע וואָס „תנו רבנן" מיט וועלכן די גמרא באַנוצט זיך.

רבי מאיר, אַ באַרימטער תלמיד פון רבי עקיבא, און איינער פון די חשובסטע תנאים מאָלט דאַן אויס אין פּרעכטיקע ווערטער די גרויסקייט פון תורה לערנען. דער פרק איז באַקאַנט אַלס „קנין תורה", ווייל תורה לערנען ווערט שטאַרק געלויבט. עס ווערט אויך גערופן ברייתא דרבי מאיר.

ב. אמר רבי יהושע בן לוי בכל יום ויום בת קול יוצאת מהר חורב ומכרזת ואומרת: אוי להם לבריות מעלבונה של תורה, שכל מי שאינו עוסק בתורה נקרא נזוף, שנאמר: נזם זהב באף חזיר, אשה יפה וסרת טעם. ואומר: והלחת מעשה אלהים המה. והמכתב מכתב אלהים הוא חרות על הלחות: אל תקרא חרות אלא חרות שאין לך בן חורין אלא מי שעוסק בתלמוד תורה, וכל מי שעוסק בתלמוד תורה, הרי זה מתעלה, שנאמר: וממתנה נחליאל ומנחליאל במות.

רבי יהושע בן לוי האָט געזאָגט יעדן טאָג גייט אַרויס אַ ווידערקול פון באַרג חורב און רופט אויס און זאָגט: ווײ צו די מענטשן וואָס פאַרשעמען די תורה, ווייל דער וואָס לערנט ניט תורה ווערט אָנגערופן אַ פאַרשטויסענער, ווי עס איז געזאָגט: אַ גאָלדענער נאָזבאַנד אויף אַ נאָז פון אַ חזיר אַזוי איז אַ שיינע פרוי אָן מאַניערן און נאָך ווערט געזאָגט: און די לוחות זיינען גאָט'ס ווערק און דאָס געשריפט איז פון גאָט אויסגעקריצט אויף די לוחות. דאָס וואָרט אויסגעקריצט חרות זאָל געליינט ווערן חרות — פריי. ווייל עס איז ניטאָ אַ פרייער מענטש סיידן ער איז אַ לערנער פון תורה, און דער וואָס איז עוסק אין תורה לערנען, ווערט דערהויבן, ווי עס איז געזאָגט: פון דער מתנה — תורה — באַקומט ער אַ יורש און דערגרייכט די הויכקייטן.

רבי יהושע בן לוי איז זיך שטאַרק מצער איבער די נאַכלעסיקייט צו לערנען תורה און זאָגט דאָס פון דעם באַרג חורב אָדער סיני קומט אַרויס יעדן טאָג אַ בייזער ווידערקול און רופט אויס: ווײ איז צו די מענטשן, איבערהויפּט די אידן, וועלכע האָבן מקבל געווען די תורה און פאַרשעמען זי מיט דעם וואָס זיי לערנען ניט. איבער־הויפּט זיינען שולדיק די יעניקע וועלכע האָבן אַמאָל געלערנט און שפּעטער אָפּגעשטעלט מיט אַ תירוץ אַז זיי דאַרפן זוכן פרנסה און האָבן קיין צייט פאַר תורה לערנען. רבי חיים מוואָלוזין זאָגט, אַז דאָס איז אויך געווען דער תירוץ וואָס די געצנדינער האָבן אָנגע־געבן אין דער צייט פון קבלת התורה. זיי האָבן געזאָגט, אַז די תורה וועט זיי שאַדן צו זייער פרנסה. דער לא תרצח, לא תגנוב א.א.וו. וועט זיי שטערן אויף זייער וועג אין לעבן. רבי יהושע בן לוי פאַרגלייכט די בני תורה וואָס פאַרנאַכלעסיקן לערנען צו אַ חזיר מיט אַ גאָלדע־נעם נאָזבאַנד. ער דייטעט אָן אַז בלויז דער וואָס לערנט תורה איז אַ פרייער מענטש, ווייל אַז ער לערנט ווערט אים אַלעס קלאָר און ער ווייסט ווי צו לעבן און זיך אויפפירן. עס ווערן דאָ ציטירט אויס־דרוקע פריער פון משלי און דאַן פון חומש. די אויסטייטשונג פון וואָרט חרות ביי די לוחות ווערט פאַרביטן אויף חרות — פרייהייט. עס פאַרענדיקט זיך מיט דעם פּאָעטישן אויסדרוק אין במדבר: וממתנה נחליאל, וועלכעס ווערט פאַרשטאַנען: פון דער מתנה, די תורה, ווערן זיי יורשים צו זייער לאַנד און דאַן דורך דער תורה דערגרייכן זיי די גייסטיקע הויכקייטן.

**ג. הלומד מחברו פרק אחד, או הלכה אחת, או פסוק אחד, או אפילו אות אחת, צריך לנהוג בו כבוד, שכן מצינו בדוד מלך ישראל שלא למד מאחיתופל אלא שני דברים בלבד, קראו רבו, אלופו ומיודעו, שנאמר: ואתה אנוש כערכי, אלופי ומיודעי. והלא דברים קל וחומר: ומה דוד מלך ישראל שלא למד מאחיתופל אלא שני דברים בלבד, קראו רבו, אלופו ומיודעו, הלומד מחברו פרק אחד, או הלכה אחת, או פסוק אחד, או דבור אחד, או אפילו אות אחת, על אחת כמה וכמה שצריך לנהוג בו כבוד. ואין כבוד אלא תורה, שנאמר: כי לקח טוב נתתי לכם תורתי אל תעזובו.**

ווער עס לערנט פון זיין חבר איין פרק, אָדער איין הלכה, אָדער איין וואָרט, און אפילו בלויז איין אות, דאַרף ער אים האַלטן בכבוד. ווייל אַזוי געפונען מיר ביי דוד מלך ישראל וואָס ער האָט מער ניט געלערנט פון אחיתופל ווי צוויי זאַכן האָט ער אים גערופן זיין רבי, פרינץ און אינטימער פריינט. ווי עס ווערט געזאָגט: „און דו ביזט אַ מענטש ווי מיין גלייכן, מיין פרינץ און פריינט״. קען מען דערפון אָפּלערנען אַז ווען דוד דער קעניג פון ישראל האָט אחיתופל׳ן גרויס כבוד געטון וואָס האָט פון אים געלערנט בלויז צוויי זאַכן, דאַרפן מיר דאָך געוויס כבוד געבן דעם וואָס האָט אונדז געלערנט עטוואָס. און עס ווערט געזאָגט, אַז כבוד ווערט געגעבן צו די חכמים און זיי לעבן גוט, ווייל גוט מיינט תורה ווי עס איז געזאָגט: „איך האָב אייך געגעבן אַ גוטע לערע, מיין תורה זאָלט איר ניט פאַרגעסן״.

די כוונה פון די ווערטער איז צו פאַרשפּרייטן דרך ארץ פאַר תורה ניט נאָר האַלטן בכבוד אַ לערער און רבי׳ן נאָר אפילו אַ חבר וואָס שטייט ניט העכער אין לערנען. אָבער ווען מען האָט פון אים עטוואָס געלערנט אפילו איין אות, וועלכע מען האָט פריער ניט געוווּסט איז מען מחויב אים אָפּגעבן כבוד. מען דאַרף זיך לערנען פון דוד המלך וועלכער האָט געלערנט פון אחיתופל בלויז צוויי זאַכן האָט ער אים באַטיטלט מיט די ווערטער מיין גלייכן. מיין פרינץ און

מיין געלערנטער אינטימער פריינט. אויב דער באַרימטער קעניג דוד האָט אָנערקענט די גרויסקייט פון אחיתופל און האָט אים אָפּגעגעבן גרויס כבוד, דאַרף דאָך אַ געוויינטלעכער מענטש אוודאי מכבד זיין אַן אַנדערן פון וועמען ער האָט עטוואָס געלערנט.

די צוויי זאַכן וואָס דוד האָט געלערנט פון אחיתופל ווערט דערקלערט זיינען פאָלגנדיקע:

1. אחיתופל האָט אָנגעטראָפן דוד'ן זיצנדיק אַליין און גע־לערנט. האָט ער אים אויפמערקזאַם געמאַכט דאָס עס איז בעסער צו לערנען מיט אַנדערע צוזאַמען.

2. אחיתופל האָט באַמערקט ווי דוד איז אַריינגעקומען אין בית המדרש מיט שטאָלץ אין די קעניגלעכע קליידער, האָט ער אים געזאָגט, אַז אין גאָט'ס הויז דאַרף מען אַריינגיין צניעות'דיק און מיט אַ געפאַלן געמיט.

עס ווערט דאָ אַרויסגעבראַכט דורך פסוקים פון תנ"ך, אַז כבוד קומט צו די וואָס לערנען תורה און גוטעס מיינט תורה לויט דעם אויסדרוק: אַ גוטע לערע האָב איך אייך געגעבן, פאַרלאָזט ניט מיין תורה.

## ד. כך היא דרכה של תורה: פת במלח תאכל, ומים במשורה תשתה, ועל הארץ תישן וחיי צער תחיה ובתורה אתה עמל. אם אתה עושה כן אשריך וטוב לך; אשריך בעולם הזה וטוב לך לעולם הבא.

אַזוי איז דער וועג פון תורה: ברויט מיט זאַלץ זאָלסטו עסן און וואַסער אין באַגרענעצטער מאָס זאָלסטו טרינקען און אויף דער ערד זאָלסטו שלאָפן און דאָך זאָלסט זיך מיען אין דער תורה. אַז דו וועסט אַזוי טון וועט דיר ווויל און גוט זיין — ווויל אויף דער וועלט און גוט אויף יענער וועלט.

אַלע מפרשים שטימען איין אַז עס איז ניט אַן אָנזאָג אַז ווען מען לערנט תורה דאַרף מען לעבן אין אָרעמקייט און אין דחקות. עס איז אַ פאַקט אַז צווישן די גרויסע תנאים און תלמידי חכמים זיינען געווען זייער רייכע וואָס האָבן געלעבט אין באַקוועמלעכקייט און זאָגאַר אין לוקסוס. וואָס עס ווערט דאָ אָנגעדייטעט איז אַז אָרעמקייט זאָל ניט זיין אַ שטערונג צום לערנען. ווי באַקאַנט די גרעסטע טייל

פון די תלמידי חכמים זיינען געווען אָרעם און געלעבט פון זייער שווערע אַרבעט אונטער שלעכטע באַדינגונגען און דאָך האָבן זיי זיך אויסגעצייכנט מיט זייער מסירות־נפש׳דיקער איבערגעבנקייט צו דער תורה.

עס ווערט דאָ אָנגעדייטעט אַז דער וואָס באַמיט זיך צו לערנען אונטער שווערע באַדינגונגען ווען ער האָט בלויז אַ שטיקל ברויט מיט זאַלץ און ניט געגוג וואַסער צו טרינקען וועט ער ענדלעך באַ־לוינט ווערן אויף דער וועלט און דער קומענדיקער וועלט.

## ה. אל תבקש גדלה לעצמך, ואל תחמוד כבוד. יותר מלמודך עשה, ואל תתאוה לשלחנם של מלכים, ששלחנך גדול משלחנם, וכתרך גדול מכתרם; ונאמן הוא בעל מלאכתך, שישלם לך שכר פעלתך.

זאָלסט נישט זוכן באַרימטקייט פאַר דיר און זאָלסט נישט גלוסטן פאַר כבוד. מער פון דיין לערנען זאָלסטו טון. און זאָלסט ניט גלוסטן צו קעניגלעכע טישן, חייל דיין טיש איז גרעסער פון זייער טיש און דיין קרוין איז גרעסער פון זייער קרוין, און דיין אַרבעטס־געבער איז באַגלויבט דיר צו באַצאָלן דעם לוין פאַר דיין אַרבעט.

די ברייתא דאָ וואָרנט קעגן די דריי זינד: קנאה, תאוה און כבוד:

1. ניט זוכן באַרימטקייט איבערצושטייגן אַנדערע.
2. ניט זוכן קיין גרויסן כבוד.
3. ניט גלוסטן צו רייכע טישן.

אַ חסידישער רבי האָט געטייטשט אל תבקש גדולה „לעצמך", זוך ניט קיין גרויסקייט אין תורה לערנען בלויז פאַר זיך. אַ תלמיד חכם זאָל ניט זיין צופרידן מיט דעם וואָס ער אַליין לערנט נאָר ער זאָל זיך באַמיען דאָס אויך אַנדערע זאָלן לערנען. „יותר מלומדך עשה", טו פאַר אַנדערע לערנער מער ווי אייגענע לערנען, דורך שטיצן לערנע אינסטיטוציעס. דער אויסדרוק: טו מער ווי דיין לערנען קען אויך דערקלערט ווערן דאָס טראָץ דעם וואָס אין פיזי־שע זאַכן זאָל מען ניט מקנא זיין און זיין צופרידן מיטן מצב אָבער

ווען עס קומט צו גייסטיקע זאַכן און אין מעשים טובים זאָל מען שטרעבן וואָס העכער. דער אויסדרוק „בשמים ממעל ועל הארץ מתחת": מיינט אין ענינים פון שמים, גייסטיקע זאַכן דאַרף מען קוקן און שטרעבן צו גיין העכער אָבער אין וועלטלעכע ענינים דאַרף מען קוקן אויף די נידעריקע און ניט מקנא זיין.

ו. גדולה תורה יותר מן הכהונה ומן המלכות, שהמלכות נקנית בשלשים מעלות, והכהונה נקנית בעשרים וארבע והתורה נקנית בארבעים ושמונה דברים, ואלו הן: בתלמוד, בשמיעת האזן, בעריכת שפתים, בבינת הלב, באימה, ביראה, בענוה, בשמחה, בטהרה, בשמוש חכמים, בדקדוק חברים, בפלפול התלמידים, בישוב במקרא ובמשנה. במעוט סחורה, במעוט דרך ארץ, במעוט תענוג, במעוט שנה, במעוט שיחה, מעוט שחוק, באורך אפים, בלב טוב, באמונת חכמים, בקבלת היסורים; המכיר את מקומו, והשמח בחלקו, והעושה סיג לדבריו, ואינו מחזיק טובה לעצמו, אהוב אוהב את המקום אוהב את הבריות, אוהב את הצדקות, אוהב את המישרים, אוהב את התוכחות, ומתרחק מן הכבוד, ולא מגיס לבו בתלמודו, ואינו שמח בהוראה, נושא בעול עם חברו, ומכריעו לכף זכות, ומעמידו על השלום, ומתישב בתלמודו, שואל ומשיב, שומע ומוסיף, הלומד על מנת ללמד, והלומד על מנת לעשות, המחכים את רבו, והמכון את שמועתו, והאומר דבר בשם אומרו, הא למדת, כל האומר דבר בשם אומרו, מביא גאולה לעולם, שנאמר: ותאמר אסתר למלך בשם מרדכי.

לערנען תורה איז גרעסער ווי צו זיין אַ מלך און אַ כהן, ווייל צו זיין אַ מלך פאָדערט זיך צו באַזיצן דרייסיק קוואַליפיקאַציעס, צו זיין אַ כהן, בלויז פיר און צוואַנציק, אָבער כדי צו דערגרייכן הויכקייט אין תורה לערנען מוז

מען באַזיצן פּאָלגנדיקע אַכט און פערציק מעלות. לערנען, הערן אויפמערקזאַם, אַרויסברענגען מיט די ליפּן, האַרציקע פאַרשטענדעניש, הערנפאָרכט פאַרן רבי׳ן, מורא, אונטערטעניקייט, פרייד, ריינקייט, באַדינען חכמים, צוזאַמענלעבן מיט חברים, מפלפל זיין מיט אַנדערע תלמידים, געלאַסן שטודיום פון תורה און משנה, ווייניק רעדן, ווייניק לאַכן, געדולד, גוט האַרץ, גלויבן אין חכמים, אָננעמען פאַר ליב יסורים, וויסן זיין פּלאַץ, צופרידן מיט זיין חלק, מאַכן אַ צוים צו רייד, זיך ניט האַלטן גרויס, זיין באַליבט, ליב האָבן גאָט, ליב האָבן מענטשן, ליב האָבן גערעכטיקייט, ליב האָבן גלייכקייט, ליב האָבן שטראָף רייד, דערווייטערן זיך פון כבוד, ניט זיין שטאָלץ מיט זיין קענטעניש, ניט זיין גייציק צו פסקענען, העלפן אַ חבר צו טראָגן זיין יאָך, וועגן לכף זכות זיין האַנדלונג, שטעלן זיין חבר אויפן וועג פון אמת, אויפן וועג פון שלום, לערנען מיט ישוב הדעת, פרעגן און ענטפערן, הערן און לעגט צו, לערנען מיטן צוועק צו לערנען אַנדערע, מיטן צוועק צו טון, מאַכן קלוג זיין רבי׳ן, הערט זיך גוט איין צו פאַרשטיין, זאָגט נאָך אַ זאַך אין נאָמען פון דעם וואָס האָט עס געזאָגט — ווייל דאַן ברענגט ער אויסלייזונג צו דער וועלט, ווי עס איז געשריבן אין מגילת אסתר: „זי האָט געזאָגט צום קעניג וועגן דעם פאַראַט אין נאָמען פון מרדכי״.

די אויפגאַבע פון דער ברייתא איז גאַנץ קלאָר. דער לימוד פון תורה ווערט דאָ דערהויבן צו אַ העכערע מדרגה ווי צו זיין אַ מלך אָדער אַ כהן. אויסער דעם וואָס צו זיין אַ כהן דאַרף מען דאָך זיין אַ מיטגליד פון אַ משפּחה פון כהנים און אויך אַ מלך אין אַ סך מדינות מוז מען זיין פון דער קעניגלעכער משפּחה, שטיין די באַזיצער פון די קרוינען אויף אַ נידעריקער מדרגה ווי אַ תלמיד חכם וואָס יעדער מענטש איז מסוגל צו באַקומען די קרוין. אָבער לויט דער דערקלערונג דאָ איז צו דערגרייכן גרויסקייט אין לערנען אַ שווערער ענין. דער מענטש דאַרף באַזיצן 48 קוואַליפיקאַציעס, אַ טייל פון זיי זיינען איינגעבוירענע פעאיקייט אָבער אויך אַ סך מעלות קען אַ מענטש דערגרייכן מיט שווערע מי, התמדה און דערהויבונג צו אַ העכערער מדרגה.

ז. גדולה תורה שהיא נותנת חיים לעושיה בעולם הזה ובעולם הבא, שנאמר: „כי הם חיים למוצאיהם ולכל בשרו מרפא״. ואומר: „רפאות תהי לשרך, ושקוי

**לעצמותיך". ואומר: "עץ חיים היא למחזיקים בה ותומכיה מאושר. ואומר: „כי לוית חן הם לראשך וענקים לגרגרותיך". ואומר: „תתן לראשך לוית חן עטרת תפארת תמגנך". ואומר: „כי ירבו ימיך ויוסיפו לך שנות חיים". ואומר: „ארך ימים בימינה, בשמאלה עשר וכבוד". ואומר: „כי ארך ימים ושנות חיים ושלום יוסיפו לך. ואומר: „דרכיה דרכי נועם וכל נתיבותיה שלום".**

גרויס איז די תורה, ווייל זי גיט לעבן צו אירע טוער אויף דער וועלט און קומענדיקער וועלט, ווי עס איז געזאָגט: „אַ לעבן צו די וואָס לערנען מיטן מויל און פאַר זיין גאַנצן קערפּיר אַ היילונג". אויך: אַ היילונג וועט זי זיין צו דיין נאָפּל און מאַרך צו דיינע ביינער". אויך: „זי איז אַ בוים פון לעבן צו די וואָס האַלטן זי און אירע אונטערשטיצער ווערן געלויבט". אויך: אַ באַהעפטונג פון חן זיינען זיי צו דיין קאָפּ און אַ האַלדזבאַנד צו דיין האַלדז". אויך: „דורך מיר וועלן דיינע טעג געמערט ווערן און עס וועלן צוגעלייגט ווערן יאָרן פון לעבן". אויך: „לאַנג לעבן איז אין איר רעכטע האַנט, אין דער לינקער עושר און כבוד". אויך: „לאַנגע טעג און יאָרן פון לעבן און שלום וועלן ווערן געמאַכט צו דיר". אויך. „אירע וועגן זיינען אָנגענעם און אירע סטעשקעס זיינען שלום.

די גרויסקייט פון תורה לערנען און די באַלוינונג ווערט דאָ ברייט אַרומגערעדט. עס ווערן דאָ ציטירט פּראַכטפולע אויסדרוקע פון ספר משלי אין וועלכע עס ווערט דערקלערט אויף אַ וווּנדער־באַרן אופן די לוין פאַר די תורה לערנער און די וועלכע זיינען מקיים די מצוות. גרויס גליק, געזונט און אריכות ימים אויף דער וועלט און שכר אין דער קומענדיקער וועלט. דער אויסדרוק גרויס איז תורה ווייל זי גיט לעבן צו אירע טוער און ער זאָגט ניט צו אירע לערנער, ווייל דער עיקר און דער צוועק פון לערנען איז כדי צו וויסן וואָס צו טון און ווי צו לעבן.

**ח. רבי שמעון בן יהודה משום רבי שמעון בן יוחאי אומר: הנוי, והכח, והעשר, והכבוד, והחכמה, והזקנה,**

והשיבה, והבנים, נאה לצדיקים ונאה לעולם, שנאמר: „עטרת תפארת שיבה בדרך צדקה תמצא״. ואומר: „עטרת זקנים בני בנים, ועטרת בנים אבותם״. ואומר: „תפארת בחורים כחם, והדר זקנים שיבה״. ואומר: „וחפרה הלבנה ובושה החמה כי מלך ה׳ צבאות בהר ציון ובירושלים ונגד זקניו כבוד״. רבי שמעון בן מנסיא אומר: אלו שבע מדות שמנו חכמים לצדיקים כלם נתקימו ברבי ובבניו.

רבי שמעון בן יהודה זאָגט פאַר רבי שמעון בן יוחאי: שיינקייט, שטאַרקייט, רייכטום, כבוד, קלוגשאַפט, אַלטקייט און גרויקייט, און קינדער זיינען שיין פאַר די צדיקים און שיין פאַר דער וועלט ווי עס ווערט געזאָגט: „די גרויקייט איז אַ שיינע קרוין פאַר דעם וואָס גייט אין אַ וועג פון גערעכטיקייט וואָס ער האָט געפונען״. אויך. „די קרוין פון עלטערע זיינען קינדס קינדער און די שיינקייט פאַר קינדער זיינען זייערע עלטערן״. אויך: „שנקייט פאַר די יונגע איז זייער קראַפט און די צירונג פאַר אַלטע לייט איז גרויקייט״. אויך: „עס וועט פאַרשעמט ווערן די לבנה און די זון צו חעמען זיי דינען, ווייל זיי וועלן זען אַז גאָט קעניגט אויף דעם באַרג ציון און ירושלים און צו די זקנים וועט זיין כבוד״. רבי שמעון בן מנסיא זאָגט: די אַלע זיבן מידות וואָס זיינען אויסגערעכנט פאַר די צדיקים זיינען מקוים געוואָרן פאַר רבי׳ן און זיינע קינדער.

רבי שמעון בן יהודה זאָגט אין נאָמען פון זיין רבי׳ן רבי שמעון בן יוחאי אַז תלמידי חכמים מוזן ניט זיין אָרעם און ליידן פיזיש. פאַרקערט, ער דענקט אַז שיינקייט, געזונט און רייכטום פאַסט זיך פאַר צדיקים און געלערטע. טראָצדעם וואָס לויט די טראַדיציע האָט רבי שמעון בן יוחאי געלעבט אַ צאָל יאָרן אין אַ הייל, זיך אויסבאַהאַלטן פון די רוימער קעגן וועמען ער האָט געקעמפט, דאָך האָט ער דערקלערט אַז עס איז אַן אומריכט צו גלויבן אַז ווען אַ מענטש איז פרום און געלערנט דאַרף ער ליידן יסורים אויף דער וועלט. ווען אַ תלמיד חכם לעבט בשפע און דאַרף ניט זאָרגן פאַר פרנסה, האָט ער אַ בעסערע געלעגנהייט צו פאַרטיפן זיך אין לערנען און האָט אויך די מעגלעכקייט צו טון מעשים טובים און גמילות חסדים.

רבי שמעון בן מנסיא שטיצט דעם געדאַנק און דערקלערט, אַז מיט די אַלע זיבן גוטע זאַכן: שיינקייט, שטאַרקייט, רייכטום, כבוד, חכמה, עלטער און קינדער איז געבענטשט געוואָרן רבי יהודה הנשיא — רבי, און זיינע קינדער, און זיינען געוועזן גרויסע תלמידי חכמים.

ט. אמר רבי יוסי בן קסמא פעם אחת הייתי מהלך בדרך ופגע בי אדם אחד ונתן לי שלום והחזרתי לו שלום. אמר לי רבי, מאיזה מקום אתה? אמרתי לו מעיר גדולה של חכמים ושל סופרים אני. אמר לי, רבי, רצונך שתדור עמנו במקומנו, ואני אתן לך אלף אלפים דינרי זהב, ואבנים טובות ומרגליות. אמרתי לו, אם אתה נותן לי כל כסף וזהב ואבנים טובות ומרגליות שבעולם, איני דר אלא במקום תורה. וכן כתוב בספר תהלים על ידי דוד מלך ישראל: „טוב לי תורת פיך, מאלפי זהב וכסף“. ולא עוד, שבשעת פטירתו של אדם, אין מלוין לו לאדם, לא כסף, ולא זהב, ולא אבנים טובות ומרגליות, אלא תורה ומעשים טובים בלבד. שנאמר: „בהתהלכך, תנחה אותך, בשכבך תשמור עליך, והקיצות היא תשיחך. בהתהלכך תנחה אותך, בעולם הזה, בשכבך תשמור עליך, בקבר, והקיצות היא תשיחך, לעולם הבא. ואומר: „לי הכסף ולי הזהב, נאם ה׳ צבאות“.

רבי יוסי בן קסמא האָט געזאָגט: איינמאָל בין איך געגאַנגען אונטערװעגס, האָט מיך באַגעגנט אַ מענטש און האָט מיר געגעבן שלום. האָב איך אים גע־ענטפערט שלום. האָט ער מיר געזאָגט: פון װעלכן אָרט ביסטו? האָב איך אים געזאָגט: פון אַ גרויסער שטאָט פון חכמים און געלערנטע בין איך. האָט ער מיר געזאָגט: רבי, װאָלסטו װועלן װוינען מיט אונדז און איך װעל דיר געבן טויזנט מאָל טויזנט גאָלדענע רענדלעך און בריליאַנטן און פערל. האָב איך אים געזאָגט: װען דו װאָלסט מיר געגעבן די גאַנצע זילבער, גאָלד, דימענטן און פערל פון דער װעלט, װאָלט איך געװוינט בלויז אין אַן אָרט פון תורה, און

אַזוי איז געשריבן אין ספר תהילים פון דוד מלך ישראל: די תורה פון דיין מויל איז מיר בעסער ווי די טויזנטער גאָלד און זילבער שטיקער. און ווען אַ מענטש גייט אַוועק פון דער וועלט, באַגלייטן אים ניט קיין זילבער, גאָלד און קאָסטבאַרע שטיינער נאָר תורה און מעשים טובים, ווי עס איז געזאָגט: ווען וועסט גיין, וועט די תורה דיך פירן אויף דער וועלט, ווען וועסט ליגן וועט זי דיך היטן אין קבר. וועט ווען ווען ווען ווען וועסט זיך אויפכאַפּן וועט זי פאַר דיר רעדן אויף יענער וועלט. אויך ווערט געזאָגט: צו מיר באַלאַנגט די זילבער און די גאָלד זאָגט גאָט דער הערשער.

רבי יוסי בן קסמא דערציילט פון זיין דערפאַרונג ווען ער האָט צוריקגעוויזן אַ פאָרשלאָג ער זאָל זיך באַזעצן אין אַן אָרט וואָס איז ווייט פון תורה און באַקומען כבוד און רייכטום. זיין ענטפער איז געווען דאָס די גאַנצע גאָלד און בריליאַנטן פון דער וועלט וועט אים ניט אַוועקנעמען פון זיין אָרט, ווייל עס געפונען זיך גרויסע געלערנטע און תלמידי חכמים. ער האָט ציטירט די ווערטער פון דוד המלך אַז תורה לערנען איז טייערער ווי גאָלד און זילבער, רבי יוסי ווייזט אָן אַז ווען אַ מענטש גייט אַוועק פון דער וועלט קען ער ניט מיט־נעמען זיין גאָלד און זילבער, נאָר זיין תורה און מעשים טובים.

צום באַדויערן האָבן אַ צאָל אידן אויסגעקליבן צו לעבן אין ערטער, וווּ עס איז ניט פאַראַן קיין אָרגאַניזירטער אידישער לעבן, קיין תורה, קיין אידישע אינסטיטוציעס נאָר דערפאַר וואָס דער בלאַנק פון געלד און רייך ווערן. די אידן האָבן פאַרקויפט זייער נשמה, פאַרלוירן זייער אידישקייט, זייערע פאַמיליעס און זיך אָפּ־געריסן פון כלל ישראל.

י. חמשה קנינים קנה הקדוש ברוך הוא בעולמו, ואלו הן: תורה קנין אחד, שמים וארץ קנין אחד, אברהם קנין אחד, ישראל קנין אחד, בית המקדש קנין אחד. תורה מנין? דכתיב: ה׳ קנני ראשית דרכו קדם מפעליו מאז. שמים וארץ מנין? דכתיב: כה אמר ה׳ השמים כסאי, והארץ הדום רגלי, אי זה בית אשר תבנו לי, מקום מנוחתי.

ואומר: מה רבו מעשיך ה׳ כלם בחכמה עשית, מלאה הארץ קנינך. אברהם מנין? דכתיב: ויברכהו ויאמר ברוך אברם לאל עליון, קונה שמים וארץ. ישראל מנין? דכתיב: עד יעבר עמך ה׳ עד יעבר עם זו קנית, ואומר: לקדושים אשר בארץ המה, ואדירי כל חפצי בם. בית המקדש מנין? דכתיב: מכון לשבתך פעלת ה׳. מקדש אדני כוננו ידיך, ואומר: ויביאם אל גבול קדשו, הר זה קנתה ימינו.

פינף איינקויפונגען האָט גאָט, דער הייליקער, געבענטשט איז ער, פאַר־האַנדלט פאַר זיך, זיי זיינען: תורה, הימל און ערד, אברהם, ישראל און בית המקדש. װעגן תורה װערט געשריבן: „גאָט האָט מיך געקויפט אַלס אָנפאַנג פון זיין װעג״. ביי הימל און ערד װערט געשריבן: „אַזוי זאָגט גאָט: דער הימל איז מיין שטול און די ערד מיין פוסבענקל, װעלכע הויז װעט איר פאַר מיר בויען און װעלכעס איז מיין רו אָרט״. אויך: „װי גרויס זיינען דיינע װערק, גאָט, אַלעס זיינען געמאַכט געװאָרן מיט חכמה, די װעלט איז פול מיט דיין איינהאַנדלונג״. ביי אברהם איז געשריבן: „און ער האָט אים געבענטשט און געזאָגט: זאָל אברהם זיין געבענטשט צו דעם אויבערשטן װאָס האָט גע־קויפט הימל און ערד״. ביי ישראל איז געשריבן: „ביז דיין פאָלק, גאָט װעט אַריבערגיין, דאָס פאָלק װאָס האָסט געקויפט״. אויך: „צו די הייליקע אין דער װעלט זיינען זיי, און מיין װילן איז אין זיי״. ביי דעם בית המקדש איז גע־שריבן: „דאָס הייליקטום פאַר דיין אָנװעזנהייט האָסטו אויסגעבילדעט, גאָט׳ס הייליקטום װאָס דיינע הענד האָבן באַפעסטיקט״. אויך: דו האָסט זיי געבראַכט צו דיין הייליקן גרענעץ, דעם באַרג װאָס איז געקויפט מיט זיין רעכטער האַנד״.

פון דער גאַנצער װעלט װאָס גאָט האָט באַשאַפן האָט ער אויס־געקליבן פינף באַליבטע אַרטיקלען, װעלכע ער האָט אָפיציעל אָנער־קענט אַלס זיינע װיכטיקסטע איינהאַנדלונגען און איז שטאָלץ מיט זיי. ביי יעדן פון די פינף װערט דער אויסדרוק „קנין״ איינהאַנדלונג דערמאָנט. די פינף װערן דאָ אויסגערעכנט: תורה, הימל און ערד, אברהם אבינו, ישראל און בית המקדש. עס װערן געבראַכט אויס־דרוקן פון תנ״ך, װעלכע באַהאַנדלען די פינף זאַכן און ביי יעדן פון זיי װערט דערמאָנט דער װאָרט „קנין״.

די תורה איז דער וויכטיקסטער מאַטעריאַל וואָס לויט די הייליקע ספרים, איז נאָך באַשאַפן געוואָרן בעפאָר דער וועלט וואָס איז פאַרמירט געוואָרן אין זכות פון דער תורה, וועלכע אברהם האָט געשטאַרקט מיט זיין אמתע אמונה און פאַרשפרייט דעם גלויבן פון באַשעפער אין דער וועלט. דאָס אידישע פאָלק האָט אָפיציעל מקבל געווען די תורה און איז דערפאַר דער עם הנבחר, און ווען אידן האָבן זיך באַזעצט אין זייער לאַנד האָבן זיי אויפגעבויט דעם בית המקדש, דער אָרט צו דינען דעם בורא עולם. אַזוי אַרום זיינען די פינף פאַרהאַנדלונגען פאַרבליבן די פינף יסודות צו טון נאָבעלע מעשים און זיינען דערפאַר באַליבט ביים בורא עולם.

**יא. כל מה שברא הקדוש ברוך הוא בעולמו, לא ברא אלא לכבודו, שנאמר: כל הנקרא בשמי ולכבודי בראתיו יצרתיו אף עשיתיו. ואומר: ה׳ ימלך לעולם ועד.**

יעדע זאַך וואָס דער הייליקער גאָט, געבענטשט זאָל ער זיין, האָט באַשאַפן האָט ער באַשאַפן פאַר זיין כבוד. ווי עס ווערט געזאָגט: „אַלעס וואָס ווערט אָנגערופן מיט מיין נאָמען האָב איך באַשאַפן, פאָרמירט און געמאַכט פון מיין כבוד וועגן״. און אויך ווערט געזאָגט: „גאָט וועט רעגירן פאַר אימער און אייביק״.

די לעצטע משנה פון פרקי אבות שליסט זיך מיט דעם געדאַנק און דערקלערונג אַז דער גאַנצער באַשאַף איז פאַר די גרויסקייט און כבוד פון באַשעפער. טראָץ דעם וואָס אין דער פריערדיקער ברייתא האַנדלט זיך וועגן די פינף באַרימטע שאַפונגען וועלכע דער באַשעפער האָט מיט אַ אומבאַגרענעצטער ליבע זיך אויסגעקליבן אַלס זיינע באַליבטע קנינים דאַרף דאָך קלאָר זיין אַז אַלעס אָן אונטערשייד וואָס עקזיסטירט אויף דער וועלט איז גאָט׳ס ווערק און איז באַשאַפן געוואָרן פאַר דעם כבוד פון באַשעפער. די ברייתא ציטירט די ווערטער פון ישעיה הנביא אין גאָט׳ס נאָמען: „יעדע זאַך וואָס ווערט אָנגערופן ביי מיין נאָמען פאַר מיין כבוד וועגן, איך האָב אַלעס באַשאַפן, פאָרמירט און געמאַכט פאַר מיין כבוד וועגן״.

אויך אין ספר שמות ווערט געזאָגט: „גאָט וועט קעניגן פאַר אייביק“.

**רבי חנניא בן עקשיא אומר: רצה הקדוש ברוך הוא לזכות את ישראל, לפיכך הרבה להם תורה ומצות, שנאמר: ה׳ חפץ למען צדקו, יגדיל תורה ויאדיר.**

רבי חנניא בן עקשיא זאָגט: דער הייליקער גאָט, ער זאָל זיין געבעטשט, האָט געוואָלט מזכה זיין דאָס אידישע פאָלק האָט ער דערפאַר זיי געמערט תורה און מצוות, ווי עס ווערט געזאָגט: גאָט האָט געוואָלט צוליב זיין גערעכ־טיקייט, האָט ער פאַרגרעסערט די תורה און פאַרשענערט.

די משנה איז ניט אַ טייל פון פרקי אבות און עס קומט פון דעם טראַקטאַט „מכות“, דערפאַר ווייל די משנה אַנטהאַלט אַ פראַכט־פול שיינעם געדאַנק וועגן תורה און מצוות און וועגן פאָלק ישראל איז עס אויסגעקליבן געוואָרן צו פאַרענדיקן יעדן פרק פון אבות פונקט ווי די משנה „כל ישראל“ איז צוגעשטעלט געוואָרן בעפאָר יעדן פרק וואָס ווערט געלערנט אָדער געזאָגט יעדן שבת פאַרנאַכט צווישן פסח און ראש השנה.

רבי חנניא בן עקשיא זאָגט, אַז דערפאַר וואָס גאָט האָט אויס־געקליבן אידן אַלס זיין באַליבט פאָלק האָט ער זיי געגעבן אַ גרויסע תורה און אַ סך מצוות וואָס איז אַ פראַכטפולע מתנה דערמיט צו פאַרשענערן זייער לעבן און ווייזן די פעלקער פון דער וועלט אַ ביישפיל פון שיינע און נאָבעלע מידות.

יא. כל מה שברא הקדוש ברוך הוא בעולמו, לא ברא אלא לכבודו, שנאמר: כל הנקרא בשמי ולכבודי בראתיו יצרתיו אף עשיתיו. ואומר: ה׳ ימלך לעולם ועד.

Everything the Holy One, blossed be He created in His world, he created it only for His glory, as it is said: "Whatever is called by My name was created for my glory, formed it and made it. And it is said : "The Lord shall reign for ever and ever."

The last paragraph of Pirke Avot concludes with a statement that the world was created by God for His glory and the inhabitants of His world have the duty of living a noble life, which would justify the creation.

רבי חנניא בן עקשיא אומר: רצה הקדוש ברוך הוא לזכות את ישראל, לפיכך הרבה להם תורה ומצות, שנאמר: ה׳ חפץ למען צדקו, יגדיל תורה ויאדיר.

אשר בארץ המה, ואדירי כל חפצי בם. בית המקדש מנין ? דכתיב : מכון לשבתך פעלת ה׳. מקדש אדני כוננו ידיך, ואומר : ויביאם אל גבול קדשו, הר זה קנתה ימינו.

Five special possessions acquired the Holy One, blessed be He in His World as follows : Torah, Heaven and Earth, Abraham, Israel and the holy temple, How do we know about Torah: It is written: "The Lord acquired me first in His way, first of His works in the days of old". About Heaven and Earth". It is written: "So said the Lord, the heaven is my throne and the earth is my foot-stool ; what kind of house would you build for me and what kind of place as my place of rest". And it is said : "How great are your deeds, O Lord, all you made in wisdom, the earth is filled with your possessions". How do we know about Abraham? It is written : "And He blessed him and said : "Blessed be Abram to God above, possessor of heaven and earth." How about Israel ? It is written : "Until Thy people pass over, until the people you possess will pass over." And it is said: To the holy ones who are on earth they are the great in whom is all my desire". How do we know about the Sanctuary ? It is written : "The dwelling place, you O Lord, made Thy hands established". And it is said : "He brought them to His holy border, to the mountain, His right hand acquired.

Out of His endless creations God selected five possessions of which He is especially proud : Torah and Earth, Abraham, Israel and the Sanctuary. Expressions from the Scriptures quoted her supports this statement. It was God's plan to acquire these possessions of excellence in chronological order. First, the Torah, then heaven and earth, Abraham, who proclaimed the greatness of the Creator, then Israel, who accepted the Torah and commandments and the last one the Temple — the house of the Lord on Mount Zion and Jerusalem.

world to come, and it is said: "The silver and gold are mine says the Lord of hosts".

Rabbi Yose ben Kisma reveals a personal experience: He met a person on the road, who offered him an attractive proposition, which he declined. The offer was greatly exaggerated — consisting of a million dinars, precious stones and pearls if he would settle in this place, probably for the purpose of spreading the words of Torah. Rabbi Yose declares that he declined this attractive offer, for the reason that he preferred to live modestly in a place of the wise, and the learned rather than in luxury without Torah. He emphasizes the fact that a human being cannot take anything with him when his end comes, except Torah and goods deeds.

To our sorrow, in our days, numerous Jews have chosen to live in places far from centers of Jewish life and culture, their only ambition being to make money. They have by their action lost contact with Jewish tradition and cut themselves and their children off from the Jewish community.

י. חמשה קנינים קנה הקדוש ברוך הוא בעולמו, ואלו הן: תורה קנין אחד, שמים קנין אחד, אברהם קנין אחד, ישראל קנין אחד, בית המקדש קנין אחד. תורה מנין? דכתיב: ה׳ קנני ראשית דרכו קדם מפעליו מאז. שמים וארץ מנין? דכתיב: כה אמר ה׳ השמים כסאי, והארץ הדום רגלי, אי זה בית אשר תבנו לי, ואיזה מקום מנוחתי ואומר: מה רבו מעשיך ה׳ כלם בחכמה עשית, מלאה קנינך. אברהם מנין? דכתיב: ויברכהו ויאמר, ברוך אברם לאל עליון, קונה שמים וארץ. ישראל מנין? דכתיב: עד יעבר עמך ה׳ עד יעבר עם זו קנית, ואומר: לקדושים

שתדור עמנו במקומנו, ואני אתן לך אלף אלפים דינרי זהב, ואבנים טובות ומרגליות. אמרתי לו, אם אתה נותן לי כל כסף וזהב ואבנים טובות ומרגליות שבעולם, איני דר אלא במקום תורה. וכן כתוב בספר תהלים על ידי דוד מלך ישראל: „טוב לי תורת פיך, מאלפי זהב וכסף". ולא עוד, שבשעת פטירתו של אדם, אין מלוין לו לאדם, לא כסף, ולא זהב, ולא אבנים טובות ומרגליות, אלא תורה ומעשים טובים בלבד. שנאמר: „בהתהלכך, תנחה אותך, בשכבך תשמור עליך, והקיצות היא תשיחך. בהתהלכך תנחה אותך, בעולם הזה, בשכבך תשמור עליך, בקבר, והקיצות היא תשיחך, לעולם הבא. ואומר: „לי הכסף ולי הזהב, נאם ה׳ צבאות".

Rabbi Yose ben Kisma said: Once I was travelling on the road, and a man met me and greeted me with Shalom and I returned his greeting. He then said to me: Rabbi, from what place are you ? I said to him: I am from a large town of wise men and scholars." Then he said to me: "Rabbi, would you be willing to live with us in our place and I will give you a million golden dinars, precious stones and pearls". I replied to him: "Were you to give me all the silver and gold and precious stones and pearls in the world I would not live anywhere except in a place of Torah". And so is written in the book of Psalms" by David, King of Israel: "The teaching of Torah is better to me than thousands in gold and silver".

Moreover, when a man leaves this world, neither silver, nor gold, nor precious stones and pearls accompany him, only Torah and good deeds alone, as it is said: "When you walk it shall guide you when you lie down, it shall watch over you, and when you wake up it shall be your conversation. When you walk it shall guide you — in this world, when you lie down it shall watch over you — in the grave, when you wake up, it shall be your conversation — in the

ציון ובירושלים ונגד זקניו כבוד". רבי שמעון בן מנסיא אומר: אלו שבע מדות שמנו חכמים לצדיקים כלם נתקימו ברבי ובבניו.

Rabbi Simeon ben Judah said in the name of Rabbi Simeon ben Yochai : Beauty, strength, riches, honor, wisdom, old age and gray hair and children, all these are becoming to the righteous and to the world, as it is said : "A crown of glory is gray hair to be found in the path of justice." And : "The glory of young men is their strength and the beauty of the old is gray hair". And: "The crown of the old is their grandchildren and the pride of the children — their fathers". And: The moon shall be confounded and the sun ashamed for the Lord of hosts will reign on Mount Zion and in Jerusalem, and there shall be glory before the old."

Rabbi Simeon ben Menasya says : These seven qualities that the wise enumerated here were all realized in "Rabbi" and is sons.

Rabbi Simeon ben Yochai opposes the general belief that Torah study and poverty go together and declares that beauty, strength, riches, honor and all other pleasant things of life are becoming to one who occupies himself with Torah, and good deeds. He quotes numerous expressions from the Scriptures in support of this statement.

Rabbi Simeon ben Menasya proves this point with the fact that the great sage Rabbi and his sons enjoyed all the seven blessings mentioned here.

ט. אמר רבי יוסי בן קסמא פעם אחת הייתי מהלך בדרך ופגע בי אדם אחד ונתן לי שלום והחזרתי לו שלום. אמר לי רבי, מאיזה מקום אתה? אמרתי לו מעיר גדולה של חכמים ושל סופרים אני. אמר לי, רבי, רצונך

חיים״. ואומר : „ארך ימים בימינה, בשמאלה עשר וכבוד״. ואומר : „כי ארך ימים ושנות חיים ושלום יוסיפו לך. ואומר : „דרכיה דרכי נועם וכל נתיבותיה שלום״.

Great is Torah, for it gives life to those who study and practice it in this world and in the world to come, as it is said: "For they are life into those who found them and a healing to the flesh" and : "It shall be a healing to your navel and marrow to your bones. And : "It is a tree of life to those, who grasp it ; happy are those who support it." And : "For they shall be a garland of grace to your head, and a necklace for your neck". And : "It shall give to your head a garland of grace : a crown of glory it shall bestow on you." And : "For through me your days shall be multiplied and the years of your life increased." And : "Long life is in its right hand ; in its left hand riches and honor". And: "For length of days and years of life and peace shall they add to you". And : "Its ways are ways of pleasantness and all its paths are peace."

The unusually large number of quotations from various parts of "Proverbs" quoted in this paragraph elaborate on the greatness of Torah and its commandments, and the great rewards gained by those who study Torah and observe its commandments.

ח. רבי שמעון בן יהודה משום רבי שמעון בן יוחאי אומר : הנוי, והכח, והעשר, והכבוד, והחכמה, והזקנה, והשיבה, והבנים, נאה לצדיקים ונאה לעולם, שנאמר : „עטרת תפארת שיבה בדרך צדקה תמצא״. ואומר : „עטרת זקנים בני בנים, ותפארת בנים אבותם״. ואומר : „תפארת בחורים כחם, והדר זקנים שיבה״. ואומר : „וחפרה הלבנה ובושה החמה כי מלך ה׳ צבאות בהר

verence for God, humility, cheerfulness, ethical purity, serving scholars, devotion to colleagues discussion with disciples, an earlier approach to Scripture and Mishna, moderation in business, moderation in social activities, moderation in pleasure, moderation in sleep, moderation in conversation, moderation in laughter, patience, a good heart, faith in the wise, acceptance affliction, knowing his proper place, being content with his lot, limiting his conversation, claiming no merit, being beloved, loving equity, loving reproof, running away from honor, taking no pride in his learning, not happy in rendering decisions, bearing the yoke with his friends, judging him favourably, leading him to truth, set him in peace, being composed in his study, asking and answering, listening and adding to knowledge, studying in order to teach others, studying in order to do right, making his teacher wiser, concentrating on what he hears and saying a thing in the name of the person who said it. We learn from this that when one says anything and gives the source of it he brings deliverance into the world, as it is said: 'And Esther told the King in the name of Mordecai".

The above unusual paragraph, which brings out with force the greatness of Torah study is very clear and needs no further elaboration.

It concludes, however, with an interesting statement that when a person states something worthwhile, he should give the source and the name of the person who said it.

ז. גדולה תורה שהיא נותנת חיים לעושיה בעולם הזה ובעולם הבא, שנאמר: „כי הם חיים למוצאיהם ולכל בשרו מרפא". ואומר: „רפאות תהי לשרך, ושקוי לעצמותיך". ואומר: "עץ חיים היא למחזיקים בה ותומכיה מאושר. ואומר: „כי לוית חן הם לראשך וענקים לגרגרותיך". ואומר: „תתן לראשך לוית חן עטרת תפארת תמגנך". ואומר: „כי ירבו ימיך ויוסיפו לך שנות

